№ 39. | צווייטער יאהרגאנג

# יודישע
# פאלקס-צייטונג.

23 September 1903. | פערלאג „פאלקס-בילדונג“ ווארשא. | ג׳ תשרי תרס״ד.



## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיט היינטיגען נומער „יודישע פאלקס-צייטונג“ ווערד צעשיקט דער

### צווייטער באנד פון „שלום-עליכמ׳ס אלע ווערק“.

אינהאלט.

מעשׂות פאר יודישע קינדער:

I. חנוכה געלד,
II. אחשורוש,
III. פארשטערטער פסח,
IV. ל״ג בעומר,
V. די פאהן,



VI. ראבטשיק,
VII. מתושלח,
VIII. דער זייגער,
IX. סענדער בלאנק (ערצעהלונג).

די אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען אונזער צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע דורך אונזערע אגענטען אין זייערע שטעדט, ברויכען בעקומען דעם צווייטען באנד פון אונזערע אגענטען.

דער דריטער באנד וועט אין גיכסטען צעשיקט ווערען.

---

אויך דערמאנען מיר די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

## דעם דאזיגען נומער

ענדיגט זיך דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף דריי פיערטעל יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס-פרייז אויף דעם לעצטען פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ׳ס ווערק אויף ראטען, דארפען איצטער צושיקען

## די לעצטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע „4 בענדער פון שלום עליכמ׳ס ווערק“ 2 רובל, אדער 50 קאפ׳ פאר יעדען באנד מיט פארטא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם וויטערדיגען אבאנעמענטס-פרייז ניט שפעטער פון 1-טען אקטאבער, כדי מיר זאלען קענען פינקטליך שיקען די וויטערדיגע נומערן.

## די אדמיניסטראציע.

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) די „פרעמיע“ אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט.

אבאנאמענטס־פרייז:

עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.


# יודישע
# פאלקס־צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.




די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.


ג' תשרי תרס"ד. Nr. 39. 24 September 1903.

## דער שופר.

והעברת שופר תרועה בחדש השביעי
בעשור לחדש ביום הכפורים —
יובל היא. (ויקרא כ"ה ט'—י"א)

איינע פון די בעסטע און שענסטע מנהגים פון אמאליגער צייט, וועלכע זענען אבער שפעטער אין גלות פארחשכ'ט געווארען און האבען בעקומען א גאנץ אנדערע מרה־שחורה'דיגע גלות־צורה — איז דאס שופר בלאזען.

אין אונזערע אלטע היסטארישע צייטען, דענסטמאל, ווען מיר האבען געפיהרט א לעבען ווי אלע נאציאנען, ווען מיר האבען געלעבט אין רעגעלמעסיגע תנאים, פלעגט דער שופר אונז דיענען אלס אויפרוף צו די העכסטע מענשליכע אידעאלען. דער שופר פלעגט אונז דערמאנען, אז דאס לעבען בעשטעהט ניט נאר פון די קליינע, וואכעדיגע מאטעריאלע אינטערעסען, אז דעם מענשענס אויפגאבע אויף דער ערד איז ניט נאר צו פיהרען א מלחמה פאר דער חיונה, נאר אויך עפּיס אויף וואס העכערס, שענערס. דער שופר פלעגט אונז הייסען אראבווארפען פון זיך די וואכעדיגע קליידער פון פארשידענע מלאכות און עסקים און מאכען א יובל — א גאנץ יאהר יום־טוב, בכדי דער מענש זאל זיך אבגעבען חשבון פון זיינע מעשים און קענען געניסען פון דער וועלט. זיך בעפרייענדיג פון די טעגליכע קליינע נארישע אינטערעסען, פלעגט דער מענש ווערען איידלער, העכער — די קרוין פון דער נאטור.

„דער מענש שטעהט העכער פון זאטקייט“ — אט איז דער נגון, וועלכער דער שופר האט געלאזט הערען.

דער שופר פון יובל האט דערמאנט, אז עס איז געקומען די צייט, ווען אלע מענשען מוזען זיך אבזאגען פון זייערע זכיות, פון זייער ניי־ערווארבענעם רייכטום, פון זייער ממשלה אויפ'ן צווייטען מענשען, וועלכער איז גלייך צו זיי, און וועלכע האבען דאס רעכט צו געניסען פון דער נאטור מיט זיי צוגלייך.

דער שטאלצער דורכדרינגענדער קול פונ'ם שופר פלעגט צעברעכען די אלע שענדליכע קייטען פון שקלאפעריי, פון שפלות און פון הכנעה, דער שופר פלעגט דערמאנען דעם שטאלצען דעוויז פון דער תורה:

„עבדי הם ולא עבדים לעבדים“.

אינ'ם קול פון שופר האט געקלונגען א שטארקע פאראכטונג צו די געשווארענע שקלאפען, צו די, וואס פארקויפען זייער פרייהייט, זייער אונאבהענגיגקייט צו נידעריגע תאות'ן און קליינע גראבע אינטערעסען — צו די נרצע'ס. מיט גוואלד זענען אט די דאזיגע נרצע'ס ארויסגעטריבען געווארען פון דער מיאוס'ער פארשקלאפונג, ניט קוקענדיג אויף דעם, צי האבען זיי פון וואנען צו ציהען זייער חיונה אדער ניט.

פריי דארף זיין יעדע בעשעפעניש, וואס פארדיענט צו טראגען דעם נאמען „מענש“, וועלכע סבות עס זאלען ניט זיין טארען ניט צווינגען דעם מענשען צו פארקויפען זיין פרייהייט.

דאס ערלויבט ניט דער נאציאנאלער, ניט דער מענשליכער אידעאל...

איין אמת'ע פרייהייט קאן זיך אבער לאנג ניט האלטען אהן איין עקאנאמישער גלייכהייט, ניט אלע האבען בכח צו זיין פריי דענסטמאל, ווען עס איז ניטא פון וואנעט צו לעבען, ווען דער מענש מוז פארקויפען זיין ארבייטס־קראפט בכדי דאס לעבען צו דערהאלטען, און איין עקאנאמישע אבהענגיגקייט פיהרט געוועהנליך צו א גייסטליכער פארשקלאפונג. — דאס האבען אונזערע אמאליגע נביאים פאראויסגעזעהן און דעריבער האבען זיי פארזארגט, אז אלע זאלען זיין עקאנאמיש גלייך, אז עס זאל ניט זיין ביי איינעם גאר און ביים צווייטען גאר ניט. זיי האבען ארויסגעגעבען א געזעץ, דאס די ערד — די הויפט־קוועלע פון דער חיונה — זאל זיין צעטיילט צווישען אלעמען גלייך, און אויב איינער איז געוועזן דורך געוויסע סבות

געצוואונגען צו פארקויפען זיין חלק ערד — טא זאל ער זי אמאל צוריק בעקומען און קענען פיהרען צוריק א זעלבסטשטענדיג לעבען: „כי לי כל הארץ".

די ערד — די הויפט־פראדוקציאנס־מיטעל פון יענער צייט — האט ניט געהערט דעם אדער יענעם יחיד בעזונדער, זי האט געהערט אלעמען — דער גאנצער נאציאן, וואס פאר א סבות עס האבען זיך ניט געטראפען, האט זי ניט געקאנט איבערגעהן אויף אייביגע פריוואט־אייגענטום פון איין אנדערען, זי האט זיך געמוזט ווידערקערען צום בעל־הבית, ווען מען האט זי אין אנפאנג איבער־געגעבען צו בעארבייטען.

פרייהייט, עקאנאמישע גלייכהייט — אט דאס זענען די מלאכים, וועלכע זענען בעשאפען געווארען פונ'ם אלטען שופר.

והעברת שופר תרועה וכו' יובל תהיה לכם, ושבתם איש אל אחוזתו ואיש אל משפחתו תשבו.

שטארק און מעכטיג איז געוועזן דער שטאלצער קול פונ'ם אלטען פרייהליכען שופר, אפילו די שטארקע פעסטונגען פון יריחו זענען צעשמעטערט געווארען פון זיין כח...

---

גאנץ אנדערש אבער הילכט אונזער היינטיגער שופר — דער גלות־שופר.

פון אמאליגע הייליגע טענער, וועלכע האבען אנגעפולט אונ־זערע הערצער מיט שטאלץ און מוט, איז היינט אפילו קיין זכר נישט געבליבען.

די צוויי טויזענט יעהריגע וואנדערונג פון איין ארט אויפ'ן צווייטען אהן א שום אברוה, האט געלייגט איהר חתימה אויף אונזער נשמה, די שרעקליכע רדיפות, וועלכע מיר האבען אריבערגעטראגען אין דער גאנצער צייט, האבען פארשקלאפט אין אונז אלע אמאליגע שטאלצע געפיהלען. אונזערע אמאליגע פרייהליכע שירים זענען פארביטען געווארען אויף קינות. די הללויה'ס אויף תפלות און תחנונים וועגען פרנסה, און די פרייהליכע שטאלצע טענער פונ'ם שופר — אויף הארצרייסענדע קרעכצען. און די מלאכים, וועלכע ווערען בע־שאפען פון היינטיגען שופר טראגען אויך אויף זיך דעם חותם פונ'ם גלות — זייער נאמען איז געזונט און פרנסה.

און טרויריג איז דער נגון פון גלות־שופר, אויסער טרערען און געוויין איז ער ניט אומשטאנד ארויסצורופען...

א. ז.

---

# אידעאל און לעבען.

גרויסע בריות זענען מיר יודען, נאר ניט אויף העלפען זיך מיט עפים, ניט אויף זוכען מיטלען, ווי אזוי ארוים צו פטר'ען חאטש א ביסל צרות פון די פיעלע פעק צרות, מיט וועלכע מיר יודען זענען בעשענקט געווארען מעהר פון אלע איבעריגע פעלקער. ניין, אין אזוינע זאכען זענען מיר גאר קיין בריות ניט. מיר זענען בריות אויף וויינען, אויף גיסען טרערען, אויף פאנטאזירען, אויף שפיעלען זיך אין אידעאלען און ארום טראגען זיך מיט פולע קעשענעס „מעטאפיזיקא".

צוויי טויזענט יאהר זענען שוין פארביי געלאפען, צייט דאס יודישע פאלק האט אויפגעהערט לעבען אלס נאציאן; צוויי טויזענט יאהר זענען שוין פארביי געלאפען, צייט דאס יודישע פאלק האט זיך איבער געטראגען פון דער וועלט אויף יענער וועלט; צוויי טויזענט יאהר זענען שוין פארביי געלאפען, צייט דאס יודישע פאלק האט ניט קיין היינט נאר א מארגען. דאס גאנצע יודישע פאלק בעשטעהט פון „לעבעדיגע מתים". מיר לעבען אהן לופט, אהן אלעס, וואס אלעבעדיג פאלק דארף האבען. מיר לעבען אהן לעבען. מיר האבען אוועקגעגעבען אין גאנצען דאס לעבען אויף דער וועלט פאר א שטיקל לויתן אויף יענער וועלט. מיר האבען אוועק געגע־בען אלע אונזערע רעכטען צו לעבען ווי אלע לעבעדיגע מענשען און האבען זיך בעגנוגט מיט ווארטען אויף נסים.

---

# פעליעטאן.

## ביי קנייטלעך לעגען.

דאכט זיך די אייגענע וואג גארן האט פריידע די פארזאגערין דאס יאהר, ווי פאר יאהרען גענומען; און דאך אזא דינער נר החיים ארוים; זי איז ניט געוואהנט צו־א זעלכע יום־כפור ליכט.

אויפ'ן נר החיים איז זי תמיד אזא נזהר'טע. זי געטרויט עס ניט דעם שמש אין שוהל אריין: ער קאן עס דארט א נידערשטעלען צווישען העכערע ליכט, צווישען היינטיגע הויכע, אימשטיינס געזאגט, ווייסע „וייערינע" פאבריק־ליכט, און דאס זאל פון היק, חס־ושלום אין מיטען דער הייליגער נאכט... זי וויל איהר מויל צו בייזען ניט עפענען!

ער קאן עס ווידער שטעלען צווישען קלענערע, וואס וועלען עס אונטער שמעלצען, און די שעה זאל ניט זיין—ס'קאן אומפאלען...

זי שטעלט עס דערפאר תמיד ביי זיך אין דערהיים, פארמאכט טיר און פענסטער, ס'זאל קיין ווינט חס־ושלום ניט בלאזען.

אוי, די ווינטען!... זי ווייסט שוין וואס און ווער זיי זענען!... ווינטען—אויף כלומר'שט... באמת איז עס חבלה'ניקעס, מקטרגים... וואס קומען אויסלעשען אויף איין מאל אזוי פיעל לעבענס!

זי דערקענט זיי שוין—די ווינטלעך אינ'ם שטילקייט... אינ'ם קיהלקייט... עס דערפרישט אויף כלומר'שט... נאר כ'טוט א קיהל ביי דער נשמה! ערגער איז'ם ווי די גרעסטע שטורם־ווינטען: זי האט שוין געזעהן, ווי א ליכט ווערד ניט פארלאשען אין א גרויסען ווינט!... נאך זי זאל ניט וויסען?!...

אייגענטליך פאר זיך האט זי ניט וואס איבער צו טראכטען: זי איז שוין איבערגעקומען פאקען מיט מאזלען! „הא־הי־הו! זי קאן איהר לעבענס יאהרען אין עטליכע ווערטער דערציילען:

געהאט א חתן, וועלכער האט זי ניט געוואלט, גענומען א מאן, וועלכען זי האט ניט געוואלט, געבוירען קינדערלעך; בעגראבען קינדער־לעך—גוט האט ער געטאן, וואס ער האט גענאפט און זי איבערגע־לאזט איין ענונה. דערמיט האט זי געענדיגט איהרע חשבונות מיט איהר נארישער עולם־הזה.

פארטיג איז זי יעדע שעה, יעדע רגע אבצוגעבען דעם רבונו־של־עולם זיין חלק אהן שום טענות.

טענות גאר נאך?! אז ניט—האט זי דען שוין אבגעצאהלט דעם רבון העולמים פאר זיינע חסדים וואס־ביז איצט?! אין דחקות, אין ארעמקייט—פארט דערלעבט דאס יאהר קנייטלעך צו לעגען.

קיין אלטע יודענע־אמת, הייסט זי נאך־ניט, קיין יונגע אבער אויך ניט. דאס לעבען, ווייסט זי, מעסט זיך ניט מיט יאהרען, נאר מיט וואס א מענש, א בשר ודם לעבט איבער.

ווי שרעקליך און טרויעריג דאס איז! וואס ס'קאן ווערען פון אלעבעדיג פאלק!

נאר נאך מעהר שרעקליך און טרויעריג איז דאס, אז ווען מיר האבען שוין אפילו אנגעהויבען מלחמה האלטען פאר'ן אויפלעבען פון אונזער פאלק; ווען מיר האבען שוין אפילו אנגעהויבען פאדערען לופט און לעבען פאר אונז; ווען מיר האבען שוין אפילו אנגעהויבען פאדערען פאר זיך אלע רעכטען, וועלכע ס'בעדארפען האבען אלע לעבעדיגע מענשען, האבען מיר אויך געפאדערט דאס אלעס ניט ווי לעבעדיגע מענשען נאר ווי מתים. מיר האבען אין אמת'ן ניט אויפגעלעבט אונזערע פארשטארבענע פאלקס-געפיהלען; אונזער הארץ האט זיך ניט דערפולט מיט א שטארקען ווילען צום לעבען און מלחמה האלטען פאר דעם לעבען. די פאלקס-געפיהלען זענען געבליבען ווי פריהער פארשטיינערט, אבגעשטארבען. די גאנצע בעוועגונג אונזערע אין די לעצטע יאהרען טראגט אויף זיך אכאראקטער פון גלאט אזוי עפּיס אזא מין בענקעניש נאך אונזער אמאלידיג ווינקעלע. גלאט אזוי עפּיס א מין ראמאנטישער וואונש דורכפאהרען זיך אביסעל אויף דער עלטער אויף קבר אבות, אויסוויינען און אויסקרעכצען זיך אביסעל פאר די לאנג אויסגעשטארבענע עלטערן אונזערע. מיר האבען ניט אריין געטראגען לעבען און געדאנקען אין אונזער אידעאל, וועלכע זאלען פון אונז פאדערען ארבייט און ענערגיע, ניט נאר גלאט אזוי „השתפכות הנפש", טויטע אמונה, אויקען און קרעכצען. ניין, מיר האבען נאר איבערגעביטען דעם אלטען „אני מאמין" אויף א נייעם „אני מאמין". אנשטאט וואס דער ערשטער אני מאמין איז א רעליגיעזער, האבען מיר דעם נייעם אני מאמין געבויעט אויף „ראמאנטיזמוס" און „השתפכות-הנפש".

---

די לאגע פון אונז יודען איז שלעכט דערפאר וואס מיר האבען ניט קיין אייגען לאנד בכלל, דערפאר וואס אומעדום זענען מיר ווי אנגעווארפענע, שכנים; דערפאר וואס וואו מיר וואלטען זיך ניט געפונען, זענען מיר דער שוואכער כח, דער מועט און מיר געפינען זיך אין א פרעמדער לופט, וועלכע האלט מלחמה קעגען אונזער נאציאנאלע אייגענשאפטען. מיר בעגעגענען זיך מיט פרעמדע קולטורעס, וועלכע זענען זיך גובר איבער אונזער קולטורע און פארניכטען זי. מיר קענען ניט האבען קיין אייגענע שפראך, קיין אייגענע רייכע ליטעראטור, קיין אייגענע גימנאזיעס און אוניווערזיטעטען, מיר דארפען דאס אלעס אויסבעטען ביי פרעמדע. ווען מיר יודען וואלטען האבען איין אייגען לאנד, וואו מיר זאלען קענען לעבען א פריי לעבען, פאליטיש און נאציאנאליש, וואלט אונז געווען ניט ערגער ווי אלע פעלקער. יודען האבען ניט דאס וואס אלע פעלקער האבען דערפאר וואס זיי לעבען ניט ווי אלע פעלקער. דאכט זיך אז ס'איז גאנץ קלאר. אז מיר דארפען שטרעבען צו קריגען ערגעץ אפארזיכערט ארט, וואו מיר זאלען קענען לעבען דארט אלס א בעזונדער פאלק. וואס לעבט זיך א בעזונדער לעבען לויט ס'פאדערען זיינע אינטערעסען. דאכט זיך, אז ס'איז גאנץ קלאר, אז מיר דארפען בענוצען אלע קרעפטען אונזערע, כדי צו דערגרייכען דעם ציעל אונזערען וואס גיכער און ניט פארבינדען זיך די הענט מיט די פיס מיט קייטען, ניט דערשטיקט ווערען דורך דעם שטויב פון אלטע פראגראמעס, וועלכע ווערען בעשלאסען אין מינוטען פון התלהבות, און פון בענקעניש. דאכט זיך, אז ס'איז גאנץ קלאר, אז מיר דארפען זיך ניט איבערגעבען אונטער די ווירקונג פון פאלשען ראמאנטיזמוס און עקשנות, מיר דארפען שטעלען אונזער פאלקס-אידעאל אין אזא אופן, אז ער זאל געוויס אונז בעפרייען פונ'ם גלות, ער זאל אונז געוויס שאפען אהיים, וואו מיר זאלען קענען דארטען לעבען און ענטוויקלען זיך קערפערליך און גייסטליך, ניט אויף אזא אופן, אז ער זאל קיינמאל ניט קענען ערפילט ווערען און מיר יודען זאלען דארפען זיין אייביג אין גלות ניט

---

עט, וויים איך! ניט כדאי דער גאנצער יריד מיט זיך!

דאס איז זי דענסטמאל געווען א נאר, טענות געהאט צו גאט, גלייך ער איז איהר עפּיס שולדיג!

ערשט א צינד פארשטעהט זי, ווי נאריש מענשען זענען, וואס רייסען זיך רק צו גליק! ס'איז א ודאי גוט... ולמאי זאל זי לייקענען. נאר ס'איז דאך פשוט איין אונמעגליכע זאך! גליקליך צו לעבען דארפען דאך אזוי פיעל זאכען געפאלען אינאיינעם:

דארף דיך ליב האבען גראד דער מאן, וואס דו האסט איהם ליב!

דארפסטו אי געבוירען קינדער, אי זיי זאלען ניט שטארבען!

דארפען זיי אי אויסוואקסען, אי אין גאט'ס וועג געהן — און גאט'ס וועג איז נאר איינער צווישען אזוי פיעל קרומע וועגען!

דארף מען אי פרנסה אי ניט זינדיגען!

עס איז דאך כמעט אונמעגליך, ס'זאל אלעס און אזוי פיעל אינאיינעם געפאלען!

לויט איהר מיינונג א צינד איז א גרויסער עזות פון מענשענס זייט צו בעטען ביים רבונו של עולם אויף אזא זאך!

א דאנק דעם בורא עולם, וואס ער האט איהר געעפענט די אויגען, און האט איהר געוויזען, צו וואס זי איז געבוירען געווארען, און נאך וואס זי לעבט:

צו וואס נוצט איהר אין אמת'ן געבוירען קינדער אין מיה און וועהטיגען? קארג איז פארהאנען יתומים מיט יתומות אין שטאדט?!

אייגענע פאקען מיט מאולען דארף זי?! אליין אין קינדבעט דארף זי ליגען?! משמע אלע די ארימע קינדבעטארינס, קראנקע און פארלאזטע אלמנות וענען שוין פארזארגט און בעוואהרענט?!

זי קאן ניט לייקענען פאר זיך, אז יענעמס קינדער אויפציהען, יענעמס קראנקהייט היילען, יענעמס אונגליק אויסשטעהן — א'ז פיעל גרינגער אלס אייגענע!

חאטש אין אמת'ן טוט איהר דען ניט וועה דאס הארץ אויף יענעם?! איז זי דען ערשט יענע וואך ניט געזעסען דריי נעכט ביי עלקע דער וואסערפיהרערינס בעט?! האט זי דען איין מאל אפילו פארשפעטיגט מיט'ן רעצעפט?!

פארקעהרט: גיכער פלעגט זיך איהר אזעלכעס טרעפען ביי איהרע אייגענע קינדער! או־ניט, געדענקט זי ניט די קליינע סאסקי איהרע?! וועה איז דער מאמען;

פארסמ'ט א נפש! מע האט, פאר שלאפען, זיך — טועה געווען, איינגעגעבען דעם רעצעפט וואס אויף צו שמירען!"

פון אלע איהרע קינדערלעך האט זי אפילו איינם ניט געקאנט אבשלאגען ביים מלאך המות פון די צייהנער; און פון פרעמדע איז נאך איינס ניט געשטארבען פון איהרע הענט!

אויף אזא אופן, אז אין עטליכע יאהר ארום זאל ער אנווערען אין גאנצען זיין פראקטישען ווערט, זיין לעבענס־קראפט און ווערען א מין נייע „אמונה". דאכט זיך, אז מיר יודען וואלטען בעדארפט זאגען: פאלעסטינא איז ביי אונז גענוג טייער און הייליג, קיינמאל וועלען מיר ניט פארגעסען אין אונזער הייליג לאנד, אייביג וועלען מיר דאס רעכענען פאר אונזערס און ווען ס'וועט נאר זיין די מעגליכקייט וועלען מיר קענען מקריב זיין גענוג קרבנות אויף צו בעקומען עס צוריק. נאר אויב ס'איז פארט ניט דא קיין שום מעגליכקייט איצט אויפצולעבען אין איינעם מיט אונזער לאנד, אויב ארץ ישראל קענען מיר בשום אופן ניט האבען און מיר קענען האבען ערגעץ אנדערש איין ארט אויף צו לעבען פריי ווי אלע פעלקער לעבען אין זייערע לענדער, — וועלען מיר א ודאי און א ודאי געהן א הין איידער ליידען חרפות און בזיונות, הונגער און קעלט, איידער וואלגערען זיך אין די גאסען, ס'איז גלייכער האבען וואו עס איז איין אייגענע היים. סוף כל סוף ליידען מיר ניט דערפאר, וואס מיר האבען ניט פאלעסטינא, נאר דערפאר, וואס מיר האבען בכלל ניט קיין אייגען ווינקעלע. דער ווילען צו לעבען איז נאך ניט אפגעשטארבען ביי אונז. מיר האלטען טייער און הייליג פאלעסטינא אויך נאר דערפאר, וואס מיר זענען נאך אלעבעדיג פאלק און שטרעבען צום אויפלעבען. אבער אוועקגעבען אונזער גאנץ לעבען, אונזער תורה, אונזער קולטורע צוליב די ליבשאפט צו ארץ־ישראל, — וועלען מיר ניט טון. קודם כל ווילען מיר לעבען און זיין א פאלק.

אזוי וואלט א ודאי בעדארפט זיין.

נאר אזוי איז אבער ניט.

„מיר ווילען ניט הארכען פון קיין אנדער ארט א חוץ ארץ־ישראל — האבען געשריגען און געוויינט די געגנער פון אסט־אפריקא אויפ'ן קאנגרעס — נאר קיין ארץ־ישראל. מיר האבען אזוי פיעל געווארט וועלען מיר ווייטער ווארטען, אדער ארץ־ישראל אדער גאר ניט!"

איך ווייס צו שעצען די געפיהלען פון די אלע, וועלכע האבען פראטעסטירט; איך ווייס וואס איז אזוינס ציון פאר יעדען יודען; איך ווייס וויפיעל הייליגע און בעליבטע געפיהלען ס'רופט ארויס דאס ווארט ביי יעדען יודען אין הארצען; איך ווייס ווי ווייט די אמונה, אז גאט וועט אונז צוריק ברענגען קיין ארץ־ישראל, האט אונז געגעבען קראפט און מעגליכקייט איבערצוטראגען אלע צרות און יסורים, וועלכע האבען אונז בעפאלען אין דעם לאנגען פונסטערען וועג אין גלות.

איך ווייס דאס אלעס.

איך ווייס אבער אויך, וויפיעל טייכען יודיש בלוט ווערען פארגאסען יעדען טאג. איך ווייס אבער אויך וויפיעל צעהנער טויזענט יודען עמיגרירען יעדעם יאהר אין אלע עקען וועלט און ווערען פארפאלען פאר אונז יודען און פאר'ן יודענטום, און אויב זיי בלייבען נאך אונזערע, זענען זייערע קינדער און אייניקלעך שוין געוויס ניט פאר אונז. איך זעה פאר זיך די איינגעפאלענע באקען, די אויסגעלאשענע אויגען, דעם איינגעבויגענעם ריקען, דעם גאנצען אויסגעדארטען גוף פונ'ם „גלות־יוד". איך זעה פאר זיך כסדר טראגען זיך אין לופט טויזענטער שטיינער, וועלכע זענען יעדער מינוט גרייט אראפ לאזען זיך אויף אונזערע קעפ...

איך ווייס אבער אויך, אז אלע אונזערע נאציאנאלע און גייסטליכע אייגענשאפטען ווערען צעטרעטען און פארשוואונדען פון טאג צו טאג. איך ווייס אבער אויך, אז דא אין גלות קענען מיר ניט טון קיין שום זאך אויף צו הייבען דעם גייסט פון אונזער פאלק. וואס מיר טון קאן ניט האבען קיין קיום.

און וויסענדיג דאס אלעס, זאג איך, אז פועל'ן ביי זיך שטענדיג לעבען אין ארימקייט און אין דחקות, אין פחד און אין שרעק און אבזאגען זיך פון האבען וואו עס איז איין אייגען לאנד, אין וועלכען מיר זאלען קענען לעבען א פריי לעבען, אין וועלכע מיר זאלען אראפ שאקלען פון זיך דעם גאנצען גלות, אין וועלכען מיר

---

אז זי וויל, איז עס נאר קיין וואונדער ניט: אין דער איינענער צרה, אימשטיינס געזאגט, האט מען זיך אין זינען! מע וויל רק זיך ראטעווען! סע הייסט... דאס הארץ טוט טאקי וועה אויפ'ן קראנקען קינד... נאר אט טאקי „די הארץ־ווייטיג" פיהלט זיך מעהר, ווי דעם קינדס ווייטיג!

אפילו דאס תפלה טון צום רבונו של עולם נעהט פון יענעמס וועגען אויך אנדערש, שטילער, מיט מעהר דרך ארץ! גאט הערט זי וויליגער אויס!

אט דערפאר טאקי, געדענקט זי, אז אין איהר ארימקייט איז זי קיינמאל ניט נעגאנגען בעטען חס ושלום ביי די גבירים, און איצט — פון יענעמס וועגען רייסט זי זיי פונ'ם שלאף, זי קוקט ניט אויף גאר ניט, מע שעלט זי, מע זידעלט זי — זי ווייסט, אז פון די קללות ווערען ברכות!

און די גבירים... למאי זאל זי לייקענען? זי וויל אצינד אויף זיי קיין בייז ניט רעדען... נאר ס'איז א פאלק... ביז מע רייסט ביי זיי ניט... גיט עם ניט!

לויט איהר מיינונג, וואלט גוט געווען פאר איטליכען א שטיינער: איין מוטער זאל זיך בייטען מיט דער צווייטער: „נא, ציה דו אויף מיינע קינדער, און איך וועל דיינע אויפציהען!"

און טאקי בכלל וואלט גוט געווען, מענשען זאלען זיך בייטען מיט די זארגען: „זארג דו פאר מיר און איך וועל זארגען פאר דיר!"

חוץ דער מצוה מיט דער עולם הבא, וואס סע קומט ביים רבונו של עולם דערפאר, איז פשוט — די וועלט וואלט בעסער פארזארגט געווען, מעהר נעפועל'ט און אויסגעפיהרט!

איהרע געדאנקען רייסען זיך איבער, זי ווארפט זיך צוריק צום נר החיים. א קלייניגקייט! ווער ליגט דען ניט אין דעם ליכט?!"

אנהייבענדיג פונ'ם אלטען רב, דורכגעהענדיג אלע גבירים און בעלי בתים און ענדענדיג מיט אלע יתומים און יתומות, פאר וועלכע קיינער זארגט אודאי ניט א קנייטל צו לעגען!

תמיד מוצאי יום כפור, אז זי קומט אהיים פון דער שוהל, און געפינט נאך א שטיקל ליכט — דארף זי פון פרייד שוין אפילו ניט אויפפאסטען; זי איז כמעט זיכער מיט לעבען פאר'ן שטעדטל!

זי האט שוין מהדר געווען ביי יעדען יאהר, וואס סע טרעפט זיך — ניט די שעה זאל עס זיין: סקארליטינע, טיפוס, קינדבעטארינס און נאך אזוינע אונטערנעמונג פארלעשט זיך איהר דאס ליכט אין יום כפור, וואס פאר דעם יאהר!

הלואי זאל זי שוין מעהר ניט וויסען דערפון!

מיט'ן שטיק ליכט, וואס סע בלייבט איהר איבער, איז זי זיך, נהג — ניט ווי אנדערע, וואס מאכען שטאטשעקעס, הבדלות, חנוכה־ליכטלעך,

זאלען אויפלעבען און אויפבליהען אין איינעם מיט אלע אונזערע גייסטליכע איינענשאפטען, — הייסט ניט האבען א הויכען פאלקס־אידעאל פאר זיך, נאר דאס הייסט פועל'ן ביי זיך, אז מיר יודען זאלען קיינמאל ניט אויפלעבען; פועל'ן ביי זיך, אז דאס יודישע פאלק זאל אין א צייט ארום ווערען אין גאנצען אויס פאלק. דאס הייסט — מקריב זיין אין גאנצען דאס יודישע פאלק פאר א זעקעלע ארץ־ישראל־ערד. אויב מיר וועלען אזוי אוועק שטעלען דעם ציוניזמוס, קאן ער אין א צייט ארום ווערען גאר אין גאנצען אויס פראקטישע בעוועגונג. אין עטליכע יאהר ארום קענען שוין אפילו קיין קאנגרעסען אויך ניט זיין, יעדעס יאהר, יעדעס האלבע יאהר קאן מען ניט פאהרען צום סולטאן. אז ער האט שוין איין מאל און צוויי מאל אבגעזאגט, האט מען שוין ניט וואס צו רעדען מיט איהם נאך אמאל. מען בעדארף שוין איבערוואַרטען דעם גאנצען דור, און אויף אזא אופן קאן דער ציוניזמוס איבערגעהן אין א נייער „אמונה". אנשטאט וואס ביז איצט האבען מיר געגלויבט, אז ס'וועט קומען משיח אויף זיין אייזעל און וועט אונז נעמען קיין ארץ־ישראל, וועלען מיר איצט גלויבען, אז ס'וועט אויפשטעהן פלוצלינג א נייער סולטאן, איין אוהב ישראל, און וועט זאגען פאקט צונויף יודען, אייערע קלומקלעך און קומט קיין ארץ־ישראל.

אונזער שטרעבונג דארף זיין קריגען א „זיכערע היים" וואו עס זאל ניט זיין. איך בין ניט דווקא פאר אפריקא. איך קאן ניט זיין דווקא פאר אפריקא. איך ווייס ניט וואס פאר איין ארט דארט איז, ווי פיעל מענשען ס'קאן אריין נעמען אין זיך און אלעס וואס מען ברויכט צו וויסען אויף צו זאגען: איך בין דערפאר! דער עיקר איז ניט אפריקא. דער עיקר איז דער פרינציפ, אז מיר דארפען זיך פרייער מאכען אין די שטרעבונגען אויף אויפצולעבען אונזער פאלק. דער עיקר איז דער פרינציפ, אז מיר דארפען אוועק שטעלען אונזער אידעאל אויף אזא אופן, אז ער זאל קענען מקוים ווערען, נישט אויף אזא אופן, אז ער זאל קענען שטענדיג בלייבען נאר אלס אידעאל און ניט אריין געטראגען ווערען אין לעבען. מיר דארפען זיך ניט איינ'עקשנ'ען צו קריגען א היים נאר אין ארץ־ישראל. דורך די ווערטער „נאר אין ארץ־ישראל" ווערד דער גאנצער אידעאל אונזערער „אויפלעבען דאס יודישע פאלק", אויס אידעאל. די גאנצע שטרעבונג אונזערע ווערט אן דעם גאנצען פראקטישען ווערט איהרען און איהר לעבענס־קראפט און מעגליכקייט ערפילט צו ווערען.

דורך דעם פונקט ווערט אן דער ציוניזמוס דאס גאנצע לעבען זיינס און ווערד מעהר ניט ווי א פאנטאזיע, איין אמונה.

אוודאי, ווען ס'וואלט זיין די מעגליכקייט קריגען א היים אין ארץ־ישראל וואלט זעהר גוט געווען. אוודאי, דארף די ציוניסטישע פאליטיק בעשטענדיג מעהר טון פאר צו קריגען א היים אין ארץ־ישראל איידער ערגעץ אנדערש, נאר אויב דאס איז ניט מעגליך און ס'איז דא א מעגליכקייט צו קריגען איין ארט ערגעץ אנדערש, איז א גרויסע זינד אב צו זאגען זיך דערפון און זיצען און ווארטען אויף נסים.

אזא אומגליקליך פאלק ווי מיר יודען טאר ניט צו פיעל ראמאנטיזירען. אמת, א פאלק קאן ניט אבמעקען דעם געכטען זיינעם. נאר אויך טאר עס ניט ברענגען א קרבן דעם היינט און דעם מארגען זיינעם צו ליב דעם פארגאנגענעם נעכטען.

ארץ־ישראל דארף זיין ביי אונז געוויס טייער און הייליג. נאר נאך מעהר טייערער און הייליגער דארף זיין ביי אונז דאס לעבען.

א פאלק דארף אוודאי האבען הויכע אידעאלען. נאר דער העכסטער און גרעסטער אידעאל דארף זיין ביי איהם — צו לעבען.

ש. צ. זעצער.

---

נאר זי בעהאלט עס אויף איבער א יאהר, מיט דעם שטיק צינדט זי אן דאס נייע נר נשמה און—המבדיל—דאס נר החיים.

עפיס דאכט זיך איהר, זי ניט דערמיט אב א גרוס פון די לעבעדיגע צו די טויטע.

פריידע גלויבט, אז די טויטע ווייסען, טראכטען און זענען בכלל ניט געשטארבען, נאר דאך פארטראכט זי זיך צומאל דעריבער... זי וואלט גערן וויסען, ווי אזוי קערען זיך די טויטע אן מיט די לעבעדיגע.

„ווייסען א שטיינער איהרע קינדערלעך דארט אין גן עדן, אז זי לעגט דא פאר זיי קנייטלעך?"

„וועט זי א שטייגער איבער הונדערט יאהר וויסען, ווען אימיצער וועט פאר איהר דא א קנייטעל לעגען?"

פיעל מאל לאזען זי די שאלות ניט שלאפען, חאטש זי ווייסט זיכער, אז מתים ווייסען, מתים מיהען זיך—דאך, נאר זי וואלט וועלען וויסען: ווי אזוי ווייסען זיי?"

און... זי וואלט טאקי וועלען א משכון, א בטוחות, א זיכערען סימן, אז... אז ווען זי וועט ליגען אין קבר, וועט זי זיך נאך אנקערען מיט די אלע לעבעדיגע, וואס זי ניאנטשעט אויס, און וואס שלינגען איין איהרע טעג און נעכט.

און סע איז איהר ניט קיין שטארקער חלוק מיט וועמען אנצוקערען זיך: צי מיט די וואס זענען דא פאר איהר, צי מיט זייערע שפעטערע קינדער, וועלכע זי קען נאך דערווייל ניט—זי וויל זיך אנקערען מיט'ן לעבען!...

א תענית וואלט זי געפאסט, אבי מע זאל עס איהר מגלה זיין אין חלום.

זי איז פארטיג געווארען מיט די קנייטלעך פון נר החיים און איהרע געדאנקען רייסען זיך איבער.

„דאכט זיך—גאר קיין קנייטלעך ניט... צי איז אפשר אראב געפאלען?!"

זי זוכט ארום זיך, אונטערן טיש, און געפינט ניט.

„עפיס נאר קיין קנויט ניט"—זאגט זי צו זיך באלד זיפצענדיג, האלב פארוואונדערט.

זי ענדיגט מיט די תחנות, וואו פריידע האט ניט פארגעסען—ניט איינעם פון די קראנקע אין שטאדט, ניט איינע פון די מעוברת'ע, ניט איינע פון די קינדבעטארינס, פארזעסענע בתולות, אלמנות, גרושות, יתומים, עגונות, איין און צוואנציגער, ארים און רייך, פינפציג ווערסט און דערפער, פרנסה און גלות און משיח—אלעם, אלעם האט זיך צונויפגעגאסען אין איין תחנה, וועלכע נאט ברוך הוא האט געדארפט דערהערען און אברופען זיך—אינ'ם הייליגען טאג צו נעילה, ווען דער קנויט וועט זיך טרענקען אין א טייכל הייסען וואקס און דערברענען צום עק.

# בּריף פון ענגלאַנד.

די מזרח־אַפריקא־פראַגע איז דאָ אנגענומען געוואָרען אָהן טרערען אונ אָהן חלשות. אדרבּה, די ענגלישע יודען, וואָס האָבּען זיך אנגעהערט גענוג בּיטערקייט אַ גאַנץ יאָהר בּשעת די פאַרהאַנד־לונגען פון דער „פּרעמיערענקאמיסיאָן" אונ האָבּען זיך שוין מיאש געווען („דעזאַפּאָינטעד", ווי זיי זאָגען דאָ) פון דעם ליבּעראַליזמוס פון דער ענגלישער רעגירונג, זענען איצט איבּערראַשט פאַר שמחה פון דער גרויסאַרטיגער מתּנה, וואָס זייער רעגירונג וויל געבּען דעם יודישען פאָלק. בּכלל האָט מען די ענגלישע דעלעגירטע, וואָס זענען געקומען פון קאָנגרעס זעהר פיין אויפגענומען אונ געלויבּט זייער האַלטונג אויף דעם קאָנגרעס צו דער פראַגע. מען איז אָבּער גענוג טאַקטיש געווען ניט צו מאַכען פאָרוואורפע אויף די ווענינגע דעלעגירטע פון ענגלאַנד, וואָס האָבּען געהערט צו די „ניין-זאָגערס". דאָס פאָלק פאַרשטעהט צו שעצען די געפּיהלען אי פון די וואָס האָבּען געזאָגט „יאָ" אי פון די וואָס האָבּען געזאָגט „ניין". וואו ניט וואו הערט זיך אפילו אַ קול פון אַ ציוניסט, וואָס שרייט: בּוגדים! אָדער פון אַ געגנער, וואָס פרייט זיך אונ מיינט: נפלה ולא תוסיף קום! דער שעף-רבּי פון די אַסימילאַטאָ־רישע שפּאַניאָלען, וואָס האָט בּיז אַהער ניט מעהר געטאָן ווי לאַנגע דרשות געהאַלטען אויף קאָנגרעסען, בּונטעוועט זיך אפילו אונ וואָלט זיך וועלען שטעלען אָן דער שפּיצע פון אַ געגען־פּאַרטיע. דאָס פּראָסטע פאָלק אָבּער, סאַי ציוניסטיש סאַי ניט ציוניסטיש פאַרשטעהט אָבּער, אַז דער ציוניזם איז אַרויס פון דעם צושטאַנד פון פראַזען אונ פוסטע טעאָריעס אונ איז געוואָרען אַ געוואַלטיגע מאַכט, וואָס גרויסמעכטע רעכנען זיך מיט איהם אונ וואָס האַלט נאָך ווייטער אין ענטוויקלען זיך, אונ אַז די אַפריקא־פראַגע טרעט ניט אָפּ פון בּאַזעלער פּראָגראַם, נאָר זי מאַכט אַ שריט ווייטער צום ציעל. די ענגליש-יודישע פּרעסע, וואָס שטעהט גאַנץ אונטער דעם איינפלוס פון די גבירים אונ פלעגט זיך שטענדיג לוסטיג מאַכען איבּער די פּראָיעקטען פון די ציוניסטען, האָט איינגעזעהן אויף איין מאָל, אַז די זאַך איז ערנסט אונ די חכמה'לעך העלפען ניט אונ האָט גענומען אַ גאַנץ אַנדערען טאָן אונ הויבּט זיך אָן צוצורוקען. זיי האָבּען אויפגעהערט אָנצופולען זייערע פוסטע צייטונגס־נומער'ן מיט בּיאָגראַפיע פון „אַטסטאָוונע" חזנים אונ מיט בּעשרייבּונג פון סעודה'לעך בּיי דעם לאָרד-מער אונ בּעשעפטיגען זיך איצט מיט דעם נייעם לאַנד אונ מיט דער פראַגע בּכלל.

די ניט-יודישע וועלט אין ענגלאַנד, וואָס האַלט איצט ניט פאַר ימים נוראים אונ האָט ניט קיין דאגות וועגען פלעצער אין אַ שוהל אונ בּילעטען צו הערען ליבּל שלאָסבּערג'ן סליחות זאָגען, אינטערע־סירט זיך פאַר די פראַגע נאָך מעהר. די עפענטליכע מיינונג איז כמעט אָהן אויסנאַהמע פאַר דעם פּלאַן. אַזוינע צייטונגען ווי די „טיימס" אונ דער „דיילי טעלעגראַף" שענקען אַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט דער פראַגע, אונ אויך דעם קאָנגרעס אונ דעם ציוניזם בּכלל. אַרטיקלען מיט דעם טיטעל „ניו־זאיאָן" (ניי־ציון) אונ „אַוור דזשואיש קאָלאָני" (אונזער יודישע קאָלאָניע) איז איצטער גאָר קיין זעלטענהייט ניט אין דער פּרעסע. ועל כּלם אינטערעסירט זיי די פּערזאָן פון ד"ר הערצל. זיי שטעלען איהם אין איין שורה מיט טשעמבּערליין, אונ די וואָס ווייסען ווי די ענגלענדער פאַרגעטערן טשעמבּערליין, וועלען בּעגרייפען וואָס דאָס בּעדייטעט. וואָלט איך ניט מורא געהאַט, אַז אונזערע „יונגע" זאָלען מיך ניט פאַרשרייען פאַר איין רעאַקציאָנער, וואָלט זעהר אינטערעסאַנט געווען, זייער מיינונג איבּער אונזער פיהרער גענוי צו איבּערגעבּען. אפילו די פּאָפּולערע פּרעסע, די „הייפּעני פּע־פּערס", (ווי מען רופט זיי דאָ מיט בּזיון, ווייל זיי קאָסטען ניט מעהר ווי אַ האַלבּע פּעני — 2 קאָפּ. די נומער) וואָס מען קאָן זיי חלילה ניט חושד זיין אין ליבּע צו יודען, ווי זיי בּעווייזען דאָס טאָג טעגליך, פאַרהאַלט זיך אויך סימפּאַטיש צו דעם פּלאַן אונ בּעשעפטיגט זיך אויך זעהר פיעל מיט „אַוור דזשואיש קאָלאָני".

פּראָטעסטען ווייזען זיך נאָך אַלץ, שטאַרקע אונ שוואַכע, קליינע אונ גרויסע, מכּל המינים. אַז זיי זאָלען ווירקען אויף דאָס ענגלישע

---

געענדיגט מיט די לעבּעדיגע נעמט זי זיך צום נר־נשמה.

דאָ היט פריידע קיין סדר ניט אָב: חאַפּט אַ פריהרינגען, אַ שפּעטערינגען, אונ—צוריק צו אַ פריהרינגען. פריידע בּענוצט זיך דאָ ניט־נישט מיט'ן פּנקס פון מלאך המות, ניט מיט'ן מעטריקאַל־בּוך פון רב— זי האָט זיך איהר סדר:

דער מת, בּיי וועלכען זי האָט זיך מעהר געפּלאָגט, דער קומט איהר פריהער אויפ'ן געדאַנק אַרויף, אונ אויף דעם שטעלט זי זיך לענגער אָב.

אונ עס הייבּען אָן אַלע מאָל איבּער נייעס צו קאַפּען טרערען, גאַנץ אַנדערע טרערען.

פריידעס טרערען פּלעגען זיין אַ מין בּעזונדער שפּראַך... יעדער אַרט צרה, יעדער אַרט האַרץ־ווייטיג האָט געהאַט בּיי איהר בּעזונ־דערע טרערען. אַ מבין האָט געקאָנט פאַרשטעהן אין די טרערען דאָס בּראָך פונ'ם האַרץ, פון וואַנען זיי געהען.

אונ די תּחנה איז! אַ גאַנץ בּעזונדערע תּחנה. דאָס איז געווען אַ מין בּעדויערען, זי האָט בּיי די מתים גאָר ניט געבּעטען; פאַרקעהרט זי האָט פאַר זיי געבּעטען, זי האָט געבּעטען, זיי זאָלען זי פאַר־שטעהן... זיי זאָלען זי קאָנען פאַרשטעהן אונ הערען... זיי זאָלען זיך אויף אַ ווייל חאָטש אָנקערען מיט איהר!...

פריידע גלויבּט, אַז אַלע נשמות זיצען אַ ודאי אין גן עדן אונ קוועלען אָן פון דער שכינה. נאָר וואָס קומט אַרויס דערפון, אַז מע קער זיך ניט אָן מיט'ן לעבּען?...

עס גיעסט זיך אַזוי שטיל אַ תּחנה פון פריידעס האַרץ אַרויס, אונ זי לענט אַ נשמה אויף אַ נשמה, אַ קנייטל אויף אַ קנייטל. יעדעס קנייטל וועקט אויף אין האַרץ אַלטע צרות, אַלטען נחת, אַלטע האָפנונג אין פאַרצווייפלונג—אַלט לעבּען.

פריידע פאַרגעסט ניט קיינעם; אונ צום סוף איז זי זיך נהג־לענט אַ קנייטל פאַר'ן „טויט" אַליין אין אַלגעמיינעם:

פריידע האָט צום מאָל רחמנות אויפ'ן מלאך המות אויך: „צי איז ער דען שולדיג? פאַרענטפערט זי איהם: ער טוט דאָך זיין שליחות, דער אייבּערשטער,„ זיין הייליגער רצון איז סאַמע חסדים, לויטער גוטס, רחמנות אונ בּאַרמהערציגקייט– אַ ודאי מוז ער כּביכול דאָס טון דורך אַ שליח!"...

„נאָר זיין רצון זאָל זיין דערבּיי, וואָלט דאָך דער מלאך המות אויך געוואָרען אַ גוטער מלאך! וואָלט דאָך דער טויט געווען ניט קיין טויט!

דאָס מאָל קומט דאָס כּביכול אויס צו שטעהן איבּער זיין דיענסט פריידע בּת חנצי אונ הערען פון איהר—ניט קיין תּחנות, נאָר מוסר, שטולע פורוואָרפען.

אונ דאָס נשמה־ליכט וואַקסט, וואַקסט אין דער גרעבּ אַריין.

פובליקום איז ניט מורא צו האבען; טשעמבערליין וויל דאס, אונ דאס איז שוין גענוג איצטער אין ענגלאנד. פון די פראטעסטען איז וויכטיג צו דערמאנען די דריי: פון א ר נ א ל ד א ו י י ט, פון סער ה ע ר ר י ד ז ש א נ ס ט א ן אונ פון ל ו ס י ע ן ו ו א ל ף. — א ר נ א ל ד א ו י י ט, דער געוועזענער שליח מצוה פון באראן הירש אונ דער איצטיגער ראש פון די "ענגלישע ברידער" (ענגלישע נאציאנאליסטען — אנטי־סעמיטען) וויצעלט איבער אוגאנדא אונ רופט עס "דזשו־גאנדא" (יו־דישע גאנדא) אונ רעדט מיט א רחמנות־פנים. ער האט רחמנות אויף די ארימע יודען, וואס ווילען נעביך בלייבען דארט ווי זיי זענען אונ וואס עס איז א צער בעלי חיים. אז מען זאל זיי שלעפען אזוי ווייט, אין א לאנד, וואס די יודענפראגע אין גאנצען קאן דארט בשום אופן ניט פארענטפערט ווערען. — סער ה ע ר ר י ד ז ש א נ ס ט א ן איז פריהער געוועזען גובערנאטאר פון מזרח-אפריקא אונ איז עד היום דער גרעסטער קענער פון דעם לאנד, ווי זיין ראפארט צו דער ענגלישער רעגירונג פון פאר איניגע יאהרען בעווייזט. ער איז נישט קיין אנטי־סעמיט; ער איז נאר, ווי דאס רוב ענגלענדער זענען, א שטארקער נאציאנאליסט אונ אנטי-עליען (געגען פרעמדע) אונ טענה'ט: פאר וואס זאל מען נעמען אונ אוועקגעבען דאס בעסטע שטיקל לאנד, וואס ענגלאנד האט, א פרעמדען פאלק. — ל ו ס י ע ן ו ו א ל ף איז איין ענגלישער יוד, אדער יודישער ענגלענדער, ווי זאנגוויל רופט זיי, דער רעדאקטאר פון דעם "דיילי גרעפיק" אונ אויך "א מענש". זיין פראטעסט איז א מיאוס'ע מסירה אונ פאסט גיכער פאר די פעדער פון קרושעוואן. ער נעמט זיך אן די קריוודע פון דער ענגלישער רעגירונג אונ האט מורא, אז אויב מען וועט יודען געבען א קאלאניע מיט אזעלכע קאנצעסיעס, וועלען דאך די אנדערע קאלאניען אויך דאסגלייכען פארלאנגען. אויסער דעם, מיינט ער, איז די זאך פאר יודען אליין אויך ניט גוט, ווארום די יודען אין רוסלאנד אונ פוילען זענען דאך "אנדעזיירעבלס" (אזוינע וואס מען דארף זיי ניט האבען) אונ נעביך פארדארבען איבער זייער שלעכטע לאגע, היינט שטעלט אייך פאר, ווי אזוי עס וועט אויסזעהן זייער רעגירונג. דאס בעסטע איז פאר זיי, זיך צעשפרייטען אונטער די געבילדעטע פעלקער אונ זיך אויסמישען. אט אזוי רעדט א "יק"א־מענש", איינער פון די וואס באראן הירש האט זיי געמאכט פאר אפוטרופסים פאר דאס יודישע פאלק. — ל ו ס י ע ן ו ו א ל ף וכל כת דיליה רעדען אבער מיט בלוט אונ גאל. זיי קענען דאס ניט פארגעסען, אז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זיי האבען זיך שטענדיג געהאלטען פאר די אפיעקונעס פון די "אונטערדריקטע גלויבענסגענאסען" אין מזרח אונ האבען זיך שטענדיג געפלייסט צו ווייזען דער רעגירונג זייער אונטערטעניגע געפיהלען, אזוי ווייט, אז דער פרעזידענט פון זייער צדקה-גדולה האט פון די ווייטשעפלער יודען גערעדט ווי די "ענגלישע ברידער", ווענדט זיך גאר די רעגירונג אין אזא וויכטיגע אנגעלעגענהייט, ניט צו זיי, צו די ע נ ג ל י ש ע יודען, נאר צו "פארענערס" (אויסלענדער), צו די פארטרעטער פון די "פאלאקען" אונ "אנדעזיירעבלס", וואס זיי האלטען זיך אזוי הויך איבער זיי. דאס איז א פאטש אין פנים, וואס טוט שטארק וועה אונ ברענט ווי פייער אונ וואס מען קאן דאס ניט פארגעסען.

זאנגוויל רוהט ניט. קוים איז ער צוריקגעקומען פון באזעל אונ זיך נאך ניט אויסגערוהט פון די דארטיגע אויפרעגונגען, וואס האבען דאס יאהר ניט געפעהלט, האט ער ווידער געהאלטען א גרויסע רעדע אין דער "אסעמבלי האל", וואס איז געוועזען בעזוכט פון פיעל טויזענטע מענשען אונ וואס האט געמאכט א גרויסען אויפזעהן. ער האט ער־קלערט די נויטווענדיגקייט אונ וויכטיגקייט פון דער מזרח־אפריקא קאלאניזאציע אויך פאר אונזער הויפטציעל ציון. "ביי אנדערע פעלקער גרינדעט דאס מוטערלאנד קאלאניען. ביי אונז וועט די קאלאניע גרינדען דאס מוטערלאנד". שארף ווי ער איז תמיד, האט ער די אנטי־אפריקאנער שטארק קריטיקירט. די פערזאמלונג פון איבער 5000 מאן האט איינשטימיג ערקלערט, אז זי איז צופרידען מיט דער מזרח־אפריקא קאלאניזאציע. וואס מען קאן אין זאנגוויל'ס רעדע ניט צופרידען זיין, איז, וואס ער האט ניט געוואלט ריכטיג פארשטעהן די פסיחאלאגיע פון די "ניין-זאגערס" אין רוסלאנד, בעת ער האט ל ו ס י ע ן ו ו א ל ף צו ווייך מיט ווייסע האנדשוהע בעהאנדעלט.

אין מ ע ר ט י ר, א שטעדטל אין דער פראווינץ ווילס, האט די וואך געשמעקט מיט קישינוב. דארט ארבייטען א פאר הונדערט פרעמדע יודען אין אייזענפאבריקען אונ פארדיענען 2 שילינג מיט 8 פענס (1 רובל 25 קאפ.) א טאג אונ לעבען דארט מיט זייערע פא־מיליעס. די יודישע ארבייטער זענען זעהר פלייסיג אונ ישכור'ן ניט אונ דערפאר גיט מען זיי גיכער ארבייט. די דאזיגע מעלה פון די יודישע ארבייטער קעגען די קריסטליכע, מייסטענס אירלענדער, האט פאר עטליכע וואכען געבראכט צו א פאגראם, וואס האט, ווי אומעטום, אנגעפאנגען מיט שויבען ברעכען, ראבעווען אונ שלאגען אונ וואס האט געקאנט ווערען נאך ערנסטער, ווען די ארבייטגעבער וואלטען זיך ניט אנגענומען פאר די יודען אונ די פאליציי וואלט עס ניט מיט אלע כחות איינגעהאלטען. די ארימע יודישע ארבייטער, מייסטענס רומעניער אונ בעסאראביער, וואס האבען זיך קוים צוגעשלאגען צו דער ארבייט אונ האבען געגלויבט דא אין ענגלאנד געשיצט צו זיין, האבען דערווייל אוועקגעלעגט די ארבייט אונ ווילען ארויסציעהען פון דארט. דער וואנדער-שטעקען איז נאך ניט רעכט אבגעשטויבט

---

עס האלט אין איין וואקסען אונטער פריידעס טרערען אונ מחשבות.

די קנייטלעך דארפען אינאיינעם מיט די טרערען אונ מחשבות פארקלעבט ווערען אין וואקס, אויסברענען אין קלויז צווישען אנדערע אין וואקס פארקלעבטע טרערען, תפלות, מחשבות אונ טענות פון פרנסה אונ גלות אונ אתה בחרתנו אונ לעבען אונ טויט—אונ אויסגיעסען א טשאר אויף די אלע יודען אין טליתים מיט קיטלען, וואס דארפען אנשלאפען ווערען אין קלויז יום כפור ביי נאכט:

זאלען זיי ניט זיין דערביי, וואו דער אייבערשטער הערט אויס אזוי פיעל טענות, אונ האט ניט וואס צו ענפערען?"

דאס ליכט איז פארטיג. פריידע קוקט פארוואונדערט: דאכט זיך איהר—"צו־דיק זענען די קנייטלעך לויט פאר יאהרען!"

זי קוקט זיך אום אויף ביידע קנויטען, וואס ליגען פאר איהר: פונ'ם נשמה־ליכט אונ נר החיים. איינס איז צו דין, דאס צווייטע—צו גראב.

זי פארטראכט זיך, דערמאנט זיך אינ'ם יאהר פון אנהייב ביז ענדע אונ שאקעלט אב מיט'ן קאפ.

ניין, זי האט זיך ניט טועה געוועזען: די איינענע צאהל גארן, דאס יאהר, וואס פאריאהרען; נאר איינס איז גראב אויפ'ן חשבון וואס דאס אנדערע איז דין...

יהודה שטיינבערג.

געווארען און מען מוז שוין ווידער וואנדערן וואוהין די אויגען וועלען טראגען. — און די צדקה־פושקע פון דעם „באָרד אָוו גארדיענס" קלאפט שוין ווידער און מען וויל א טייל פאמיליעס אריבערפיהרען נאך קאנאדא. דאס איז דער בעסטע מיטעל; מען ווערד פטור פון די שנאָרערס און מען קאן ווידער צופרידען זיין מיט דעם צושטאנד. — אי, טאמער אין קאנאדא?... זאָלען די דאָרטיגע יודען זאָרגען. נאר קיין יודענשטאאט ניט!...

י. מ. זלקינד.

---

## פאליטישע נייעס.

— דאס, וואס כמעט אלע צייטונגען האבען נביאות געזאגט, אז די רוהע אין סערביע וועט נישט לאנג דויערען, איז מקוים געווארען און קעניג פיאטער דער ערשטער, וואס איז ארויסגעגאנגען אויף א קעניגליכען שטוהל, וועלכער איז בעפלעקט מיט בלוט, פיהלט שוין איצט ווי אונזיכער און גליטשיג אזא טראָן איז. דער טייל פון פאלק, וועלכער איז מיט דער רציחה, וואס האט פאסירט אין קאנאק אין דער נאכט פון 11 טען יוני, נישט צופרידען געוועזען, האט דעריבער ביז היינט געשוויגען, ווייל ער האט גערעכענט, אז דער קעניג פיאטער אליין, וועט הייסען די רוצחים בעשטראפען. היינט אבער, אז עס זענען שוין פארביי מעהר אלס דריי חדשים און די רוצחים, לא די, וואס מען בעשטראפט זיי ניט, מאכט מען זיי גאר פאר די גרעסטע מענער אין דער מדינה, (דעם גרעסטען אנפיהרער פון די רוצחים, דעם פאלקאווניק מאשין האט מען אריינגענומען אין קריגס־מיניסטעריום) היינט קאן שוין דאס פאלק נישט מעהר שווייגען, און דאס חיל, וואס שטעהט אין ניש האט פארלאנגט עפענטליך, מען זאל די רוצחים בעשטראפען מיט דעם טויט און דער גענעראל מאנדעניטש האט די נישער אפיצירען געהאלפען מיט אלע מיטעל. מען האט אפילו דעם גענעראל מיט די אפיצירען, וועלכע זענען געוועזען די הויפטאנפיהרער פון דעם בונט קעגען דעם נייעם קעניג ארעסטירט, אבער מען האט זיי, לויט דעם ווילען פון פאלק, באלד געמוזט צוריק ארויסלאזען פריי. קעניג פיאטער פיהלט שוין וואס דאס הייסט זיין נישט א הערשער איבערן פאלק נאר א קנעכט ביי די אפיצירען, און סערביע וואס איז געוואוהנט צו בייטען איהרע הערשער, וויל שוין ווידער עפיס נייעס אויפטון, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער צושטאנד אויף די באלקאן־לענדער איז אהן דעם גענוג אונרוהיג און מורא׳דיג.

— אין די באלקאן־לענדער הערען די אונרוהען נישט אויף, די מאקעדאניער האבען זיך פארגענומען איין מאל פאר אלעמאל אראבצוווארפען דעם יאך פון דער טערקישער רעגירונג פון זיך. דעריבער קומען זעהר אפט פאר קליינע און גרויסע מלחמות צווישען די טערקען מיט די מאקעדאניער, אייזענבאהנען אונטערמינעט מען, קאנסולען הרג׳עט מען און גאנצע שטעדט און דערפער ווערען פארברענט. די טערקיי בעמיהט זיך אפילו די אונרוהען איינצושטילען, זי שיקט איהרע סאלדאטען צו מאכען ארדענונג, צו בעשטראפען די מורדים, אבער נישט אזא שוואכע רעגירונג, ווי טערקיי איז אין שטאנד אזא שטארקע בעוועגונג צו אונטערדריקען; בפרט נאך, אז די בולגארישע רעגירונג שטיצט די מאקעדאנער מיט אלץ, וואס עס איז גאר מעגליך. די טערקיי האט שוין נישט איינמאל פארגעווארפען די בולגארישע רעגירונג, אז זי העצט אונטער די מאקעדאניער און באמת ווייזט טאקי אויס, אז דער בולגארישער פירשט פערדינאנד, מיט וועלכען דאס פאלק איז נישט איבעריגס צופרידען, וויל עס זאל ווערען עפיס א מלחמה אויף דעם באלקאן און דערווייל וועט דאס פאלק אן איהם פארגעסען. אבער דער פירשט פון בולגאריע איז זיך טועה, וואס ער מיינט אז איהם וועט דאס געראטען. אייראפא וועט טאקי נישט דערלאזען די טערקיי זאל די קריסטען אויף דעם באלקאן האלב איינזעל אונטערדריקען, אבער נאך ווייניגער וועט זי דערלאזען עס זאל דארטען אויסברעכען איין אלגעמיינע אייראפייאישע מלחמה. און בולגאריע אליין קאן זיך געגען טערקיי נישט שטעלען און זי וועט האבען די אייגענע מפלה וואס גריכענלאנד האט געהאט אין דער לעצטער מלחמה, וואס זי האט געהאלטען מיט טערקיי און די אייראפייאישע מלוכות וועלען אויך ווי דענסטמאל נאר בעשיצען זייערע אונטערטהאנען אבער נישט העלפען, נישט דעם צד נישט דעם אנדערן.

---

## נייעס פון דער וואך.

### I. וועלט נייעס.

— דאס מיניסטעריום פאר באהנען אין רוסלאנד, האט געפונען פאר נייטיג איינצופיהרען אויף אלע רוסישע באהנען שפיטאלען. דערצו זענען בעשטימט צוויי וואגאנעס מיט בעטלעך און אלע מעדיצינישע מיטלען. די דאזיגע וואגאנען וועלען דינען צו פיהרען קראנקע אויף א ווייטע שטרעקע.

### II. יודישע נייעס.

א יוד פון בעלז (גאליציע) איז געקומען אין א דארף פארקויפען קלייניגקייטען, א יונגער פויער האט ביי איהם געקויפט עפיס און האט איהם גערופען צו זיך אהיים דאס געלד צו נעמען פאר די סחורה. אין שטוב האט דער פויער פארשלאסען די טיר פון אינעווייניג און האט דעם יוד אבגעשניטען דעם קאפ און האט איהם צוגענומען עטליכע גולדען מיט די סחורה. פלוצלינג האט דער פויער דערהערט, אז זיינע חברים געהען, ער האט גיך דעם הרוג איינגעוויקעלט און ארונטערגעשטיפט אונטערן בעט און ער האט זיך בעהאלטען אין גארטען. ווי די פויערען זענען אריינגעקומען און האבען געטראפען בלוט אויף דער ערד און דער פויער איז ניט דא, האבען זיי ניט אנדערש געקלערט, נאר אז דער יוד האט געקוילעט דעם פויער און איז אנטלאפען, זיי זענען געלאפען צום יודישען ארענדאר אין קרעטשמע און האבען געמאכט א געוואלד, ער זאל זיי ארויסגעבען דעם יודישען רוצח און אז ניט וועלען זיי מיט איהם מאכען איין עק. זיי האבען אנגעהויבען צעברעכען די גלעזער מיט די טישען און דער יוד איז געוועזען אין א גרויסע סכנה. צום גליק זענען אנגעקומען זשענדארמעריע, זיי האבען בודק געוועזען ביים פויער אין שטוב און האבען געפונען דעם יודישען הרוג, דעם רוצח האט מען געכאפט.

**רוסלאנד.** ווי די „נאוו. ורעמיע" שרייבט, וועט דער גרויסער משפט וועגען די פאגראמען, וואס זענען געוועזען אין קישינוב, פארהאנדעלט ווערען ביי פארמאכטע טירען.

— מאנטאג דעם 25 אויגוסט איז געוועזען אין די צווייטע אבטיילונג פון פעטערבורגער אקרושנאי סוד דער משפט פון דאשעווסקי׳ן וועגען זיין בעפאלען אויף קרושעוואנ׳ען, דעם רעדאקטאר פון „זנאמיא". דער משפט האט זיך אנגעהויבען 12 א זייגער ביי טאג, און ער האט זיך געענדיגט 12 ביי נאכט. די „פריסיאשונע" האבען ערקלערט דא־

שעווסקי'ן פאר שולדיג אין בעפאלען מיט א כוונה צו טוידטען קרושעוואנ'ען און האבען איהם אבגע'משפט: צו צונעמען פון איהם אלע רעכטע, און ארעסטאנסקע ראטע אויף 5 יאהר.

ווי דער „פעט. וויעדאמאסטי“ שרייבט האט זיין אדוואקאט מיראנאוו אנגעקלאגט אויף דעם משפט אין סענאט.

**ענגלאנד.** ה' שמואל מאנטאגו אין לאנדאן האט מנדב געוועזען 10.000 פונט שטערלינג צו קויפען ערד אין וואוד גרין (א פלאץ ביי לאנדאן), און דארטען בויען בילינע דירות פאר ארימעלייט פון פארשידענע גלויבענס.

**סערביע.** דעם 23 אויגוסט האט געזאלט זיין אין בעלגראד, די הויפטשטאדט פון סערביע, איין אנטיסעמיטישע אספה, נאר די דארטיגע סאציאליסטען האבען נישט דערלאזט די אספה זאל זיך צוזאמענקומען, זיי זאגען אז אין סערביע איז נישטא קיין יודענפראגע.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— ווי די צייטונגען שרייבען וועט ארויספאהרען די יודישע עקספעדיציע אויספארשען דאס לאנד אוגאנדא אין מזרח־אפריקא שוין אין חדש פעברואר 1904. מען רעכענט, אז ד"ר הערצל וועט אויך איין אנטייל נעמען אין דער עקספעדיציע. אויב מען וועט געפינען, אז דאס לאנד איז גוט צו מאכען דארטען קאלאניעס, וועט מען עפענען איין אפריקא־באנק, ווייל דער קאלאניאל־באנק מעג זיך נאר פערנעמען מיט קאלאניזאציע פון סוריא און פאלעסטינא.

---

## גראף ל. נ. טאלסטאי.

דעם 29 אויגוסט האט דער בעריהמטער רוסישער שריפטשטעלער גראף ל. נ. טאלסטאי געפייערט אין זיין דארף „יאסנא פאלא“ זיין 75 יעהריגעס יובילייאום אין דעם קרייז פון זיין פאמיליע. צו דעם יום־טוב'דיגען טאג האבען זיך ביין גרויסען שריפטשטעלער פארזאמעלט זיינע אלע קינדער און אייניקלעך.

פון אלע עקען וועלט זענען אנגעקומען הונדערטער טעלעגראמעס, אין וועלכע מען ווינשט דעם גרייזען שריפטשטעלער גליק.

ריהרענדיגע טעלעגראמעס זענען אנגעקומען פון יודען, ארמענער און אנדערע פעלקער, אין וועלכע עס ווערד אויסגעדרוקט דאנקבארקייט פאר די מלחמה וועגען אמת און ליבע צום צווייטען.

---

## קארעספאנדענציעס.

### א נייער פאגראם אין גאליציע.

**קראקא.** נאך איין טרויריג ערייגניס האט אונז געפעהלט צום אלטען יאהר, האט זיך עס געטראפען אין זאבלאטאוו, אקליין שטעדטל ביי קאלאמעא אין גאליציע. דעם גאנצען זומער זענען ארומגעפאהרען פוילישע אגיטאטארס אין מזרח־גאליציע אויפצובונטעווען דאס פאלק געגען יודען נאך דער אלטער מעטאדע, כדי די פויערען זאלען פארגעסען אן זייערע רעכטע אויסנאגערס, די פריצים. דעם גאנצען זומער האבען יודען אין די קליינע שטעדטלעך אין גאליציע געלעבט אין פחד, נאר זיי האבען זיך נישט געקאנט העלפען. ערשט איצט, סוף זומער, איז דער שטורם אויסגעבראכען. פרייטאג דעם עלפטען סעפטעמבער נאכמיטאג האבען זיך פערזאמעלט טויזענטער פויערען פונ'ם יריד אין דעם רינגפלאץ אין זאבלאטאוו און האבען געווארט אויף א זאטשעפקע צו קענען אנפאלען אויף יודען. עס איז זיי דאס באלד געראטען. א פויער מיט זיין ווייב זענען אריינגעגאנגען צו שאול זלמן דולבערג אין געוועלב קויפען לעדער. די פויערטע האט צוגעכאפט א שטיק לעדער און איז ארויסגעלאפען. דער יוד האט מסתמא נישט געשוויגען, האט זיך געהייסען בעצאהלען, איז דער פויער ארויסגעלויפען מיט א געשריי צו די מענגע, אז דער יוד האט געקוילעט זיין ווייב און איהר צוגענומען דאס געלד, וואס זי האט געלייזט פאר א ביק. דאס איז געווען, ווי עס ווייזט אויס, א צייכען צום פאגראם נאך פון פריהער אבגעשמועסט. א מענגע פויערען זענען בעפאלען דאס געוועלב. דולבערגען, א יוד פון זעכציג יאהר, האט מען געשלאגען טויטשלעג, צעבלוטיגט און צעביילט האט מען איהם ארויסגעשלעפט אויס'ן געוועלב און מען האט איהם איין אויג אויסגעשטאכען און אזוי ארומגעשלעפט אין גאנצען מארק. אנדערע פויערען האבען געהאקט פענסטער, געראבעוועט סחורות, צעבראכען מעבעל, ארויסגעלאזט פעדערען, אזוי ווי דער מנהג איז. א שוסטער לייזער בורג איז מען בעפאלען, מען האט צעבראכען אין שטוב אלדינג, וואס האט זיך נאר געלאזט. צולעצט האט מען מיט א צוואנג זיין פלייש אויסגעריסען, אזוי האט מען אויך געטאן זיינס א לערנ־יונגל. צווישען די מערדער איז געווען א פינאנץ־אויבער־אויפזעהער סקאלסקי אין מאנדור. ער איז געשטאנען מיט די שאבלא אויף א טיש און האט קאמאנדירט די חברה רייבערס. א יונגל האט מען געווארפען אין וואסער אריין. מען האט איהם אבער נישט פארגינען ער זאל באלד שטארבען, האט מען איהם ארויס גענומען און אויסגעבראכען אלע צייהן. ער ליגט איצט אין טשערנאוויץ אין שפיטאל. שווער פארוואונדעט זענען אויך ירחמיאל נייער, יודל קארפל, אבעלע אייזענבערג און זיין אלטער פאטער. לייכט פארוואונדעט זענען מעהר ווי פיערציג יודען. איין ארימען בעל עגלה האט מען אוועק גערויבט צוויי פערד מיט'ן וואגען. די יודען זענען געגאנגען אין די פאסט טעלעגראפירען קיין סניאטין בעטען פון די סטאראסטווא הילף, האט זיי דער פאסט־מייסטער געענטפערט, אז ער האט ניט קיין צייט. מען זאגט, אז מען האט די דראטען פונ'ם טעלעגראף צעריסען. פרייטאג צו נאכט איז דאס שטעדטל רוהיג געווארען, אבער די יודען האבען מורא געהאט צו געהן שלאפען; א סך זענען אנטלאפען איס שבת אין גרעסערע שטעדט אריין. די איבריגע האבען זיך בעהאלטען אין די קעלערס. קינדער האט מען בעהאלטען אין די אייוונס.

דער קייזער איז די וואך געווען אין לעמבערג, האט זעהר פריינדליך עמפפאנגען די ראשי הקהל מיט די רבנים און האט זעלבסט דערמאנט דעם רב א ברכה צו מאכען. ביי א הויכען בעאמטען האט דער קייזער געפרעגט אויף דעם פאגראם אין זאבלאטאוו. דער בעאמטער האט איהם געזאגט, אז די יודען זענען גאר נישט שולדיג געווען. דער קייזער האט פארזיכערט, אז ער וועט גוט חוקר ודורש זיין.

— עס איז אינטערעסאנט און זעהר טרויריג צו וויסען ווער די העצערס זענען. עס זענען דווקא אזוינע, וואס האבען בעדארפט צו היטען די ארדנונג. איין פאקט וויל איך דא ווייזען. עס איז בעקאנט, אז אין אונגארישען פארלאמענט האט מען דאס מיליטער־געזעץ נישט בעשטעטיגט, די אונגארן פארלאנגען איינען מיליטער. דורך דעם האט מען דאס יאהר נישט אויסגעהויבען קיין נייע מיליטער אין אונגארן.

און כדי עס זאל נישט פעהלען קיין סאלדאטען האט מען אין עסטרייך און אין אונגארן די אויסגעדיענטע סאלדאטען פונ'ם דריטען יאהר נישט אהיים געלאזט. די אפיציערען האבען געהאט א בעפעהל די סאלדאטען צו געבען צו פארשטעהן, פארוואס מען לאזט זיי נישט אהיים. א קראקאווער פוילישע צייטונג איז מודיע ווי אזוי א לייטנאנט אין פרזעמישל האט דאס איצט מודיע געווען זיין קאמפאניע. דער אפיציער האט גערופען די סאלדאטען אין וואלד אריין און האט פאר זיי געהאלטען א רעדע. אז נאר די יודען זענען שולדיג וואס די אויסגעדיענטע סאלדאטען געהען נישט אהיים. די רעדע האט אויף די סאלדאטען געמאכט א גרויסען איינדרוק און די קריסטליכע סאלדאטען האבען אויסגעלאזט זייער בייז הארץ צו די יודישע סאלדאטען פון זייער קאמפאניע. די צייטונג בעמערקט, אז מען ווייסט נישט צי האבען אלע אפיציערען אין פרזעמישל אזוינע רעדעס געהאלטען, פון דעם אפיציער ווייסט מען דאס זיכער.

ל.

---

## אויף קבר־אבות.

(מאנאלאג).

זיי מיר געגריסט אמעריקא. איך קען דיך נאך נישט — קיינמאל נאך דיך נישט אנגעקוקט, ווייט ביזט דו פון מיר און דאך אזוי נאהנט, קאן נאך עפים גענטער זיין?

שווייגט, אט פאהרט מען דאך איצט דורך א גארטען דורך, וועל איך מיר פון וואגען אראב און בלימלעך רייסען, א קראנץ מיר פלעכטען, און וועט מען אט באלד פאר'ן בית הקברות פארביי פאהרען, וועל איך אראבגעהן, אריין אין „פעלד", אויסקלויבען מיין טאטענס, מיין מאמענס קבר, דאס קרענצל בלומען אויף זייער מצבה לעגען. בלייבט געזונט איך פאהר קיין אמעריקא!

וואס רעד איך? מיין טאטע, מיין מאמע זענען דען חלילה געשטארבען? זיי זענען דאך גאר אין אמעריקא — קיין אמעריקא געפאהרען. — צום ערשט האט מיין טאטע זיך אויפגעכאפט ביי נאכט. צו מארגענס אין דער פריה. האט די מאמע געפונען א בריפל אויפ'ן טיש: צו מיין ליב ווייב, צו מיינע ליבע קינדערלעך: זייט מיר מוחל, איך פאהר קיין אמעריקא — טוגען גאלד שעפען. מיין מאמע האט געוויינט — און דערנאך האט דער טאטע פון דארט געשיקט געלד — דאלארס, 5 דאלארס. 5 רובל האט ער נאר פון דארט ארויסגעשיקט, און דא איז עס געווארען 10 רובל... א רייך לאנד מוז עס זיין, עס איז נישט מקפיד אויף קיין געלד... איין רובל, צוויי רובל... און מיין טאטע האט זיך פון דארט אין גילדענע קייטען געלאזט מאלען. אין די גאנצע שטאדט האט מען די פאטאגראפיע ארומגעטראגען. און אט איז דאך מיין טאטענס בילד אויף דער וואנט געהאנגען, און איך בין אלעמאל דערצו צוגעגאנגען, און עס אנגעטאפט, אט דאס איז מיין טאטע, מיין טאטע. און איך האב דעם טאוועל געהאלזט, געקושט — דער טאוועל האט שטענדיג געשוויגען. איך האב געלאכט צו איהם, געוויינט צו איהם און דער טאוועל האט געשוויגען — א טאוועל איז דאך שטום — א טאוועל קאן דאך נישט לאכען, נישט וויינען... וואס נייען?

פון דענסטמאל אן האב איך א טאוולענעם טאטען געהאט, איהר ווייסט?

און מיין מאמע, איך האב געהערט, זי האט אויף איהר בעט ביינאכט געוויינט — געוויינט נישט, וואס האט זי געהאט צו וויינען? מיין טאטע האט דאך געשיקט פינקטליך יעדען חודש 20 רובל פון אמעריקא מיט א בריף?!... נאר זי האט געקרעכצט — געלעגען גאנצע נעכט און געקרעכצט. און מיין יונגער'ן ברודער יצחק לעבען, וואס ער איז מיר איהר געשלאפען, האט זי געהאלזט, האט זי געקושט: יצחק לעבען, וואו איז דיין טאטע? דיין טאטע וואו איז?

און צו מארגענס איז זי צום פאטאגראפיסט געגאנגען, אז ער זאל זי אין א קאפעלוש פאטאגראפירען, אז שען זאל זי אויף דער פאטאגראפיע ארויסקומען, און דאס בילד מיין טאטען אין אמעריקא געשיקט. — — —

און דאס בילד האט געהאלפען און מיין מאמע האט פון טאטען א שיפס־קארטע געקריגען — פאר זיך מיט די קינדערלעך און געלד אויף דער הוצאה — און איז אראב אהין.

איך בין דערווייל קיין לאדז אנטלאפען, אין א פאבריק אריין! מיין מאמע האט מיר אפילו געשריבען דערנאך, אז דער טאטע האט געשיקט שיפס־קארטען — נאר דאס בריפל האט אויסגעזאגט, אז אהן מיר וועט אויך א ביסל פעהלען צו דער הוצאה.

א יונג בין איך דאך, א יונג ווערד אין ערגעץ נישט פארלארען, קטשארטו צוויי הענט, צעהן פינגער און ווידער, איך האב דאך דא א כלה שוין געהאט...

פרעגט מיך בחרם אין וועלכען טאג מיין מאמע איז אוועקגעפאהרען, דאס בריפל האב איך פארלארען — און אסור זיך מיט איהר ס'מאל געזעגענט.

אט האט מיר די מאמע א קישעלע איבערגעלאזט, ליג איך אויף דער נאכט אויף מיין קישעלע, און עס דאכט זיך מיר, אז דאס קישעלע זאגט מיר א גרוס אב...

און אט דרעה איך מיך ארום אין גאס, אהן טאטען אהן מאמען. טיילמאל דאכט זיך מיר, אז איך בין פון א שטיין ארויסגעקומען, טיילמאל — אז מיינע עלטערן זענען אויפ'ן „פעלד", נאר איך דערשרעק דאך מיך, איך האב דאך א טאטען, איך האב דאך א מאמען, אט ביי מיר אויף דער וואנט הענגען זייערע בילדער, נאר זיי שווייגען תמיד.

און פון דענסטמאל אן דאכט זיך מיר, אז אמעריקא איז מיר א צווייט בית הקברות — עס האט מיר מיין טאטען, מיין מאמען צוגענומען — און מצבות, זייערע פאטאגראפיעס איבערגעלאזט.

און אט פאהר איך דאך איצט אויף קבר אבות.

וואו קיין ירושלים אדער קיין אמעריקא?

פע! נארישע געדאנקען.

שלום אש.

---

## דער נאמעסטניק איבער אוגאנדא.

די ענגלישע רעגירונג האט אין די אפיציעלע צייטונגען פארעפענטליכט דעם בעריכט פון איהר נאמעסטניק פון אוגאנדא לארד טשארלס עליאט, וואו ער בעשרייבט דאס לאנד.

זיין בעריכט האט מען פארגעשטעלט דעם פארלאמענט און מען האט עס פארעפענטליכט, כדי צו געבען ריכטיגע ידיעות וועגען דעם לאנד, וואס די ענגלישע רעגירונג וויל אוועקגעבען יודען.

מזרח־אפריקא געפינט זיך אונטער די שוץ פון דער ענגלישער רעגירונג, עס גרענעצט זיך פון מזרח און דרום זייט מיט די אזערעס וויקטאריא און רודאלף, אין צפון זייט מיט די איטאליענישע קאלאניעס און טייך דזשובא, אין מערב זייט מיט די קאלאניען, וועלכע געהער צו דייטשלאנד. די גרענעצען מיט אביסיניע איז נאך ביז איצטער ניט בעשטימט.

דאס גאנצע מזרח־אפריקא בעשטעהט פון זיבען פראווינצען 1) דזשובאלאנד, 2) טאלאנד, 3) סעווידיע, 4) אוקאמבא, 5) קעניא, 6) נאוואשא, 7) קיזיומו. אין דער פראווינץ קעניא געפינט זיך אוגאנדא, וועלכעס מען לעגט פאר יודען. אין דער פראווינץ קעניא איז איבערפילט מיט פערד, ווערבעליודען און אייזלען, דא געפינט זיך רייכבעוואקסענע פעלדער און פיעל ערטער אויף צו פאסען פארשידענע בהמות. אין אוגאנדא געפינט זיך די בעסטע ערד אויף צו זייען און אקערען ווי אין גאנץ מזרח־אפריקא. די ערד אין קעניא טיילט זיך אין צוויי סארטען, העכערע און נידעריגע. די לעצטע געפינט זיך ביי די טייכען טאן און דזשובא און ביים אזער וויקטאריא. דער העכערער טייל ליגט אין צענטאר פון דער פראווינץ און טאקי דא צווישען די וועגען נייראבא און מאו געפינט זיך אוגאנדא.

די הויפטשטאדט פון אוגאנדא רעכענט זיך מאמבאזא. אין דעם העכערען טייל פון קעניא איז דער קלימאט זעהר א געזונטער און ניט שטארק הייס. וועלדער און וואסער איז דא זעהר פיעל. אלע אייראפייאישע פרוכטען, וועלכע מען פארזייעט דא, וואקסען דא זעהר געראטען, אין דער ערד געפינט זיך א סך מינעראלען. א טייל פארזיכערען, אז אין טייל ערטער געפינט זיך גאלד־גרובענס און בריליאנטען. דער טייל קעניא איז בעזעצט מיט פארשידענע שבטים, נאר ניט געדיכט, אזוי אז עס געפינט זיך פיעל פרייע ערד.

די שבטים וועלכע געפינען זיך אין דער דאזיגער פראווינץ טיילען זיך אויף דריי גרופען. די ערשטע גרופע—וואקאמבא צייכענט זיך אוים מיט איהרע בעזונדערע בעגריפען וועגען פאמיליען־לעבען. ניט לאנג, ווען עס איז דארטען א הונגער געוועזען, זענען די פרויען פון דעם שבט אוועק צו די אינדיאנער און האבען מיט זיי קינדער געהאט. איצטער זאגען די וואקאמבער צו די אינדיאנער: „אונזערע ווייבער לאזט איבער ביי זיך און גיט אונז אוועק די קינדער, וואס זיי האבען געהאט פון אייך". נאר די אינדיאנער ווילען ניט אוועקגעבען ניט די קינדער און ניט די פרויען, און איבער דעם קומט פאר צווישען די צוויי שבטים מחלוקות.

אין א צווייטען שבט מאסאי רעכענען זיך אלע מאנספילען פון 17 ביז 27 יאהר פאר סאלדאטען און אין די יאהרען טארען זיי ניט פארמאגען קיין שום בעל הביתישקייט, קיין אייגענטום און אפילו קיין פרויען. זיי ערלויבט מען ניט צו טרינקען קיין בראנפען און אנדערע שארפע געטרענקע און אויך טארען זיי ניט רייכערען. מלחמות פיהרען זיי ווי די אלטע ריטערען, פלוצים פאלען זיי ניט אן אויף דעם שונא, נאר זיי זענען פריהער מודיע אז זיי וועלען אנפאלען. אין א בעשטימטען טאג שטעלען זיי זיך אוים אין א שורה פנים צו פנים מיט די שונאים און מען הויבט זיך אן צו ראנגלען. די פרויען פון ביידע צדדים שטייען בעת מלחמה פון אונטען און מיט זייערע געשרייען געבען זיי דעם חשק זייערע מענער זיך בעסער און שטארקער ראנגלען, אום דעם שונא גובר צו זיין.

אין דעם אבלאסט מאו, זענען די איינוואהנער זעהר שטילע, די ערטער זענען זעהר ווייניג בעוואהנט, און אויף א סך ערטער בעגעגענט מען ניט קיין לעבעדיגען מענשען. אין צפון זייט פון דער שטאדט בארינגא בעשטעהען די איינוואהנער נאר פון דעם שבט מאסאי וועלכע וואנדערען שטענדיג איבער פעלדער און וועלדער, זעלטען בעגעגענט מען א געביידע נעבען דער באהן־ליניע, וואס געהט דארט,

א דריטער שבט, וואס געפינט זיך אין דער פראווינץ קעניא מיט דעם נאמען וואנדעראבא, איז נאך אין גאנצען ווילד. ער וואהנט אין די וועלדער און האט מורא פאר מענשען, אזוי ווי חיות. אויף דעם יאגד אויף חיות רעות זענען די דאזיגע ווילדע מענשען גרויסע בריות, זיי זענען אנגעלאדען מיט שווערדען און שפיזען אויף די נאקעטע לייבער און רעכענען זיך פאר אויסגעצייכענטע חאפערס אויף העלפאנטען. דאס פלייש פון העלפאנטען בענוצען זיי צום עסען.

דאס גאנצע מזרח־אפריקא געפינט זיך אונטער דער פיהרונג פון דעם ענגלישען מיניסטער פאר קאלאניעס, און אויף דעם ארט ווערד געפיהרט פון א בעזונדערען נאמעסטניק אדער פון א הויפט־קאמיסאר און א וויצע קאמיסאר. די פארוואלטונג פון דעם לאנד געפינט זיך אין דער הויפטשטאדט מאמבאזא. די אויפפיהרונג פון די שבטים צו די אייראפייער איז לויט די ציוויליזאציע ביי די שבטים. וואס ווילדער דער שבט, איז די שנאה גרעסער צו די אייראפייער. אין די ערטער וואו עס געהען די באהנען זענען די איינוואהנער געוואהנט געווארען צו די אייראפייער און עס איז קיין מאל ניט פארגעקומען זיי זאלען אנפאלען אויף איין אייראפייער.

די ענגלישע רעגירונג נעמט פאר אלע מיטלען אויסצוראטען די שנאה צו די אייראפייער.

אויסער די דארטיגע קרענק, וועלכע מען רופט „פלאג" (פיעל דאקטוירים זענען איצטער פארנומען מיט אויסשטודירען די דאזיגע קרענק) איז קיין אנדערע עפידעמישע קראנקהייט דארט ניט דא.

די אייראפייער צייכענען זיך דארט אוים מיט זייער געזונטהייט, דער פראצענט פון שטארבען איז דער זעלבער וואס אין אייראפא און אין טייל ערטער נאך ווינציגער. דער קלימאט איז א מיטלער און אין דער צייט פון יאהר בייט זיך ניט שטארק דער קלימאט. די גרעסטע הייסע טעג זענען ניט הייסער ווי די פריהלינגס־טעג אין אייראפייאיש ענגלאנד. אין חודש דעצעמבער געהט פיעל רעגען. די העכערע טעמפעראטור איז פון 28 ביז 30 גראד נאך צעלסיאוס, די נידריגסטע איז פון 10 ביז 12 גראד ווארעמקייט.

אין אלע ערטער פון אוגאנדא זענען דא א סך אייזענגרובענס, קאלעך געפינט זיך אין פארשידענע ערטער. ביי דער גרענעץ פון די דייטשע קאלאניעס געפינט זיך א סך סאדע. אויף צפון־זייט נעבען בארג עלגאן געפינען זיך גרובענס פון זעהר שענעם מארמאר־שטיין. דארט געפינען זיך אויך גאלד גרובענס.

די הויפט־פראדוקטען זענען בוימעל, גומא, אלערליי סארטען

פאסאלעס און ארבעס, טאבאק און קארטאפעל. ניט לאנג האט מען דארט פארזייעט די טייערסטע סארטען טאבאק פאר סיגארען און דער סארט טאבאק איז זעהר געראטען. ברויט האט מען אויך דארט זייט עטליכע יאהר אנגעהויבען פארזייען און עס איז יעדעס יאהר א גרויס גראטעניש פון תבואות.

אונגאנדער גערשטען און ווייץ, וואס מען האט ניט לאנג עקס־פעדירט קיין לאנדאן, האבען ספעציאליסטען אונטערזוכט און געפונען, אז זיי זענען פיעל בעסער ווי די תבואות פון אויסטראליע. איבער־הויפט איז געפעלען די לאנדאנער תבואה־הענדלער אוגאנדער ווייץ, פאר וועלכען זיי האבען געצאהלט טייערער ווי אייראפייאישער ווייץ. פלאנטייציעס פון קאפע האט מען געפרואווט פארזעצען נעבען דער שטאדט קילקוא, די קאפע־ביימער האבען זיך זעהר גוט אנגענומען און מען האפט אויף גוטע רעזולטאטען. רייז און פאפשויען (קוקורוזא) וואקסט דארט זעהר פיעל אין גאנץ אוגאנדא. אין די לעצטע יאהרען האט מען דארט געפונען אזוינע ביימער, פון וועלכע מען ארבייט אויס זיידענס. די יאפאנער, וועלכע וואהנען דא האבען אויסגעארבייט זעהר פיעל זיידענס. אין דעם לאנד געפינט זיך זעהר פיעל וואסער־קרעפטע, וועלכע מען קאן בעניצען פאר מיהלען, פאבריקען א. ד. ג. די דאזיגע וואסערען טרוקענען קיין מאל ניט אויס.

די הויפטשטאדט פון מזרח־אפריקא מאמבאזא איז פאר־איינינגט מיט אייראפא דורך דריי וועגען מיט דעם ים. די באהן האלט די לענג 582 ענגלישע מייל, זי געהט פון מאמבאזא ביז דעם אזער וויקטאריא. די הוצאות פון דער ענגלישע רעגירונג אויף מזרח־אפריקא בעטרעפט 119,000 פונט שטערלינג (בערך 1,190000 רובל).

שקלאפען־האנדעל איז דארט פארבאטען און אלע איינוואהנער רעכענען זיך פאר גלייכע בירגער. די אייראפייער קענען דא טראגען די זעלבע קליידער ווי אין אייראפא. גרינוואַרג וואס וואקסט אין אייראפא, ווי ציבעלעס, קנאבעל, מייערען, קרויט, פעטרישקע א. ד. ג. וואקסט דא לרוב. רינדער פלייש און קעלבערינס איז דא אויך פיעל און אין טעם א סך בעסער ווי אין ענגלאנד, אויף בויען געפינט זיך דא א סך שטיינער און האלץ, דאס שענסטע מעבעל קאן מען דא מאכען פון שווארץ און רויט האלץ, וועלכע וואקסען דא זעהר פיעל.

דער נאמעסטניק פון אוגאנדא האט געענדיגט זיין בעריכט מיט די ווערטער: דאס דאזיגע לאנד נאך זיינע מעלות איז בעסער אויף קאלאניזירען ווי אויסטראליע און ניי זעלאנדיע. מען דארף דאס לאנד נאך פיעל פארשען. פארשידענע קוועלען פאר מסחר האט מען נאך דא ניט אנגעריהרט.

לארד טשארלס עליאט פארזיכערט, ווען אין דעם לאנד וועלען זיך בעזעצען פעהיגע מענשען, וועט אוגאנדא ווערען איינע פון די רייכסטע לענדער.

---

# אלטניילאנד.

(ענדע).

אין דעם פונקט לאזט זיך נאטירליך נאך פיעל רעדען. הערצל מיינט, אז כפי די אקציען־געזעלשאפט איז פון אנהויב אן צו־נויפגעשטעלט ניט פון קאפיטאליסטען, וואס זוכען רוח, נאר פון ציוניסטען, וואס שטרעבען צו א נאציאנאלען אידעאל און אזוי ווי די געזעלשאפט איז אבהענגיג פון דעם יודישען פאלק דורך די גרינדער־אקציען, וועלכע געפינען זיך אין די הענט פון די אויסגעקליבענע פון פאלק, און וועלכע האבען האלב דעות ביי יעדער אספה — איז שוין דערמיט גאראנטירט, אז די געזעלשאפט זאל ניט אריין־פאלען אין די הענט פון געזעלשאפט־מאכערס, וועלכע וועלען די עמיגראנ־טען האלטען אין אייזערנע האנטשוהען טאקי איינסאך ווי געדונגענע פועלים, אבער ווי געזאגט לאזט זיך דערביי נאך פיעל רעדען און איך מיין, אז ווען סע וועט האלטען דערביי וועלען נאך אין דיזען פלאן פיעל זאכען געענדערט ווערען.

יעדענפאלס אבער איז דער פלאן פון דער אויפבויאונג פאלעס־טינאס און צוריקקעהרונג פון די יודען אהין אזוי קלוג און פראקטיש צונויפגעשטעלט בכלל, אז סע באמת א תענוג צו לייענען. איך בין ניט אימשטאנד די גאנצע רעדע פון לעווי דא איבערצוזעצען און פארלאז מיך אויף די לעזער, אז זיי וועלען שוין נאכזוכען די איבער־זעצונג פונ'ם ספר אליין, וואו זיי וועלען אלעס לייענען בפרטות.

XXIX

די לעצטע קאפיטלען אין אלטניילאנד שטעלען פאר די רעזי־דענץ־שטאדט ירושלים.

דאס איז באמת א הייליגע שטאדט, וואו סע איז קאנצענטרירט אלעס גוטע, אלעס שענע!

דאס גרעסטע און שענסטע הויז אין ירושלים איז נאטירליך די גרויסע שוהל אדער דער בית מקדש־מעט, וועלכער איז געשטאנען ניט ווייט פונ'ם ארט, וואו סע איז געוועזען דער אמאליגער בית־המקדש, און איז אין רייכקייט און שענקייט ניט ווייניגער פונ'ם אמאליגען. סע איז געוועזען א גאנצער וואלד פון זאלען מיט גאלדענע דעכער בעדעקט!

פרייטאג נאך מיטאג איז פלוצים דאס גערויש אין די גאסען אבגעשטעלט געווארען. דער שבת הייבט זיך אן. און פון אלע זייטען שטראמען מענגען מענשען צו דער גרויסער שוהל צו, אדער צו די קלענערע בתי־מדרשים, וועלכע האבען זיך געפונען אין אלע עקען פון דער שטאדט. פרידריך מיט דוד'ס פאמיליע, וועלכע זענען אצינד אין ירושלים, געהען אויך אין שוהל אריין, און פרידריך האט זיך גע־פיהלט ווי א קינד, וואס האט נאך לאנגע ליידען צוריקגעפונען זיינע עלטערן.

ירושלים איז איינגעטיילט אין צווייען: די אלטע און די נייע שטאדט. די אלטע שטאדט אייגענטליך איז איין ארט וואו אלע פעלקער פון דער וועלט געפינען א היים, ווייל דארט איז געוועזען דאס מענש־ליכסטע פון דער וועלט — דאס ליידען. אין דער אלטער שטאדט פון ירושלים איז איבערהויפט קיין פריוואט־הייזער ניט געוועזען, נאר לויטער וואהלטעטיגע הייזער, פערשידענע פריוטען און שפיטעלער און ד. ג.

אין דער אלטער שטאדט פון ירושלים איז אויך געוועזען א הויז, וועלכעס מע האט גערופען „פריעדענס פאלאסט“. אויף די טויערען איז געשטאנען אנגעשריבען: „אלעס מענשליכע קעהר זיך מיט מיר אן“. אין דעם פאלאסט איז געזעסען א בעשטענדיגער ראט, און וואו ערגעץ אין דער וועלט סע האט זיך געמאכט איין אומגליק, למשל גרויסע שרפות, געוויסער, הונגער יאהר, עפידעמיע — ווערד באלד

אהער טעלעגראפירט און פון דאנען ווערד באלד הילף געשיקט. אהער קומען פון דער גאנצער וועלט נדבות און איידלע גבירים זאגען אהער אב זייערע עולמות'ן. אינ'ם פרידענספאלאסט ווירקט מען ניט פאר'ן יודישען לאנד און זיינע בעוואהנער, נאר בפירוש פאר אנדערע לענדער און פעלקער, ווייל אינ'ם יודישע לאנד קאן שוין אזא גרויסע גויט ניט הערשען, נאכדעם ווי די געזעלשאפטליכע איינריכטונג האט דערלאנגט אזא שטופע.

אויסערדעם האט זיך אין ירושלים געפונען א „יודישע אקאדעמיע", אין וועלכער סע איז געווען דער ראש דער בעקאנטער געלעהרטער דאקטאר מארקוס. די אקאדעמיע איז בעשטאנען, אזוי ווי די פראנצויזישע אקאדעמיע פון פערציג חברים, וועלכע ווערען אויסגעקליבען אויף לעבענסלאנג, און נאר ווען איינער פעהלט זיך, קלויבען די חברים אויס איין אנדערען חכם אויף זיין ארט. די אקאדעמיע האט ניט צו טון מיט איינינע נאציאנאל-אינטערעסען. זי דארף אפשאצען די פארדינסטען פון יעדען חכם אקעגען דער גאנצער מענשהייט. די אקאדעמיע ענטוויקעלט דעריבער הויפטזעכליך פילאזאפיע און שענע קונסט, טעכנישע און מעדעצינישע וויסענשאפט און איז אין א גרויסע מאס די גרויסע זון פון חכמה, וואס בעשיינט ניט נאר דאס יודישע לאנד אליין נאר די גאנצע וועלט.

הערצל אלס קינד פון דער אייראפייאישער ליבעראלער וועלט-אנשויאונג קאן זיך ניט פארשטעלען א קולטור-לאנד, וואו די חכמים פארשליסען זיך אין איין ענג רעמל פון אייגענע פאלקס-אינטערעסען. אזא לאנד האט ניט קיין ווערט פאר דער מענשהייט. הערצל וויל אבער ווייזען, אז די יודישע מדינה וועט ניט נאר זיין א מקום מקלט פאר די געיאגטע און געפלאגטע יודען אליין. זי וועט ווערען א מדינה פון ליכט און בילדונג פאר דער גאנצער וועלט. זיין אידעאל דערביי איז אויך דאס אידעאל פון די נביאים און פון אלע בעסערע מענשען פון אונזער פאלק. אחד-העם שרייבט אין איין ארט, אז ער קאן זיך ניט פארשטעלען, אז נאר צוליב דעם האבען מיר געליטען גלות אזוי פיעל יאהר-הונדערט, כדי נאכדעם צו ווערען א קליין אומה'לע ערגעץ אין א ווינקעלע, מיט וועלכער די דיפלאמאטיע זאל זיך שפילען ווי מיט א מיאטשיקעל. ניין, זאגט ער, אז די יודישע מדינה וועט אויפגעבויעט ווערען, מוז זי זיין א מקום מקלט פאר דער אייביגער גערעכטיגקייט און דאס יודישע פאלק דארף ווערען לאור גוים, א שיין פאר אלע פעלקער. אזוי שטעלט אונז אויך הערצל פאר אין זיין אלטניילאנד און די יודישע אקאדעמיע, און דער בעוואוסטער מאלער איזאאקס, און דער פריעדענס-פאלאסט און אלעם אנדערע, וואס מיר זעהען אין הערצל'ס ירושלים, שטעלט דאס אידעאל ארויס אין דער פראכט-פאלסטען פארמע.

XXX

נאכדעם ווי די וויבארעס צום קאנגרעס זענען שוין געענדיגט געווארען און די נייערשע פארטיע האט בעקומען אזא שלאג, אז זי האט שוין מעהר ניט געקאנט האפען אויף א נצחון — האט זיך דער קאנגרעס געדארפט צענויפפאהרען.

פלוצים אבער האט זיך דער אלטער פרעזידענט ד"ר אייכענשטאם אבגעזאגט און דאס לאנד האט בעקומען א נייע זארג, אויסצוקלויבען א נייעם פרעזידענט.

דא האבען זיך געבילדעט צוויי פארטייען. איינע איז געשטאנען פאר לעווי און די אנדערע פאר דעם פרעזידענט פון דער אקאדעמיע דאקטאר מארקוס.

אינטערעסאנט אבער איז, אז געראד דיזע צוויי קאנדידאטען האבען ביים קאנגרעס זיך קאטעגאריש אבגעזאגט פון דער גרויסער שטעלע. לעווי ווייל ער האט בעסער געוואלט בלייבען ביי זיין ריהריגער ארבייט, ביי וועלכער ער האט געגלויבט מעהר נוצען צו ברענגען, און מארקוס ווייל ער האט זיך גערעכענט שוין פאר צו אלט און ניט פעהיג צו פארשטעהן די בעשטרעבונגען פון די יונגע לייט.

דאקטאר מארקוס מיט לעווי'ן צוזאמען רעקאמאנדירען דעם קאנגרעס, מע זאל אויסקלויבען דוד ליטוואק אלס דעם פעהיגסטען און קלוגסטען מאן אין לאנד. דאקטאר מארקוס ערקלערט דערביי, אז אזוי ווי ליטוואק האט זיך פון דער קלענסטער שטופע ארויפגעארבייט צו זיין איצטיגער מדרגה, איז איהם דעריבער נאך מעהר צו שעצען. מע דארף ווייזען, אז יעדעס מיטגליד פון דער נייער געזעלשאפט קאן קומען צו דער העכסטער מדרגה אין דער מדינה.

דער קאנגרעס קלויבט ווירקליך אוים דוד ליטוואק. ער אליין אבער איז ביים קאנגרעס ניט געווען, ווייל ער איז געווען דעמאלט ביי זיין קראנקער מוטער. די בשורה, אז איהר זוהן איז געווארען דער גרעסטער מענש אין דער מדינה, טרעפט די ארעמע ליידענדע נעביך אין דער לעצטער מינוט פון איהר לעבען און פארשליסט איהר די אויגען מיט א שמייכעל פון גליק. אין דיזער לעצטער מינוט ווערד אויך געשלאסען דער שדוך צווישען פרידריכ'ן און מרים, דוד'ם שוועסטער און פרידריך מיט קינגסקארטען טרעטען אריין אין דער נייער געזעלשאפט.

אין שבעה זענען זיך אלע פריינד צינויפגעקומען מנחם-אבל זיין דוד ליטוואק דעם נייעם פרעזידענט און זיין אלטען פאטער, דוד איז געווען זעהר נידערגעשלאגען פון דער מוטערים טויט. דאקטאר מארקוס אבער האט איהם געוואלט ארויס ציהען פון די טרויעריגע געדאנקען און איהם אומקעהרען צום לעבען. ער זוכט דעריבער צו פארפיהרען א שמועס וועגען דער נייער געזעלשאפט און איהרע ענינים. פרידריך שטעלט דערביי אויף א שאלה, וועלכע יעדער פון די געסט בעענטפערט אויף איין אנדער אופן.

די שאלה איז געווען:

„מיר זעהען דא א נייע, א גליקליכער פארם פון צוזאמען-לעבען פון מענשען — ווער האט דאס אלעם באשאפען?"

דער אלטער ליטוואק ענפערט: „די נויט!"

דער ארחיטעקטאר שטיינעק זאגט: „דאס ווידער-פעראייניגטע פאלק!"

קינגסקארט זאגט: „די נייע המצאות!"

דאקטאר מארקוס זאגט: „די חכמה!"

לעווי זאגט: „דער רצון!"

פראפעסאר שטיינעק זאגט: די כחות פון דער טבע!"

דער ענגלישער גלח זאגט: „דאס סבלנות!"

רעשיד-ביי זאגט: „די אמונה אין זיך אליין!"

דוד ליטוואק זאגט: „די ליבע און דאס ליידען!"

דער אלטער רב, רב שמואל אבער הויבט זיך אויף און זאגט מיט כונה: „גאט!“

דער מחבר אליין אבער, וועלכער האט אין אנהויב פון זיין ביכל געשטעלט אלס עפיגראף די ווערטער: „אז איהר וועט וועלען איז עס נית קיין מעשה“ שרייבט אצינד צום סוף אזוי:

„... אז איהר וועט אבער ניט וועלען, איז עס און סע בלייבט א מעשה, אלסדינג וואס איך האב אייך דא דערציילט.

איך האב געוואלט א מעשה שרייבען, וועלכע זאל אין גלייכער צייט זיין א תורה. מעהר מעשה ווי תורה! וועלען זאגען אטייל — — מעהר תורה ווי מעשה! וועלען זאגען אנדערער.... ווען אבער דו, מיין ביכל וועסט קומען צו פריינדליכע לייט, גריס זשע זיי פון מיין נאמען און זאג זיי, אז איך מיין: אז חלומ'ן איז אויך א ניצליכע זאך, מיט וועלכער ס'איז כדאי צו פארברענגען די צייט. חלום איז ניט אזוי ווייט פון ווירקליכקייט אזוי ווי א טייל מיינען. אלע גרויסע מעשים פון די מענשען זענען פריהער געוועזן א חלום און וועלען אויך שפעטער ווערען א חלום.

---

אט האב איך געענדיגט דעם „קצור אלטניילאנד“. ווי איהר זעהט האב איך מקיים געווען מיין הבטחה. איך האב מיך באמיהט ניט אריין קריכען אין די רעד פונ'ם מחבר, איך האב ניט געוואלט ליבען אדער שענדען דאס ווערק, וואס האט צווישען אונז אנגעמאכט אזא רושם. איך האב נאר געוואלט דעם יודישען עולם בקצור באקענען מיט דעם אינהאלט פון דעם ספר. און דאס האב איך, דאכט זיך, אביסל דערלאנגט.

איך האב נאטירליך ניט געקאנט אייך אלעס איבערשרייבען. איך וואלט געמוזט איינפאך דאס ווערק איבערזעצען, ווייל אין אלטניילאנד שטעלט כמעט יעדעס ווארט פאר א גרויסען אינטערעס. איך מיין אבער, אז דער לעזער וועט נאך דעם זיך פאראינטערעסירען און לייענען דאס ווערק אין דער יודישער אדער לשון־קודש'ער איבערזעצונג, וועלכע וועט גיך ערשיינען.

נאכדעם אבער ווי איך בין מיט מיין ארבייט פארטיג געווארען מעג איך מיר ערלויבען אויך א ווארט וועגען ספר בכלל ארויסצוזאגען.

מאקס נארדוי האט זעהר ריכטיג געזאגט, אז דאס ספר איז ניט נאר וויכטיג פאר יודען און ציוניסטען, ס'איז א קלאסיש ווערק אין דער אייראפייאישער ליטעראטור. די רייכע פאנטאזיע, וועלכע דער מחבר ווייזט ארויס ביים שילדערען די אוטאפיסטישע לאגע פון דער יודישער מדינה, איז אזוי ענג און קונציג פארבונדען מיט געזונטען רעאליזם, ווי נאך ביי קיינעם פון די אוטאפיסטען. דעריבער לייענט זיך דאס ווערק מיט איין אמת'ן פארגעניגען.

פאר אונז ציוניסטען אבער האט עס גאר א בעזונדער ווערט. ניט־רעדענדיג שוין דערפון וואס דאס ווערק קלערט מיט איינמאל אויף, ווי אזוי דער דאקטאר הערצל שטעלט זיך פאר די אויספיהרונג פונ'ם ציוניסטישען רעיון, וועלכעס איז שוין פאר זיך זעהר וויכטיג פאר אונז — אויסערדעם אבער געפינען מיר אינ'ם ווערקל אזוי פיעל געזונטע ציוניסטישע רעיונות און אזוי פיעל תשובות אויף שאלות, וואס ווערען אפט געפרעגט ביי ציוניסטען, אז דאס ווערק, בעקומט מיט א מאל איין אגיטאציאנס־ווערט פון דער ערשטער מדרגה. און ווען איינער איז ברוגז אמאי האט מען געחאפט דאס ווערק צום איבערזעצען, בעשטעטיגט ער נאר דעם אלטען כלל: „שנאה מקלקלת את השורה“ די שנאה פארשטעלט די אויגען און מאכט פון ווייס שווארץ. אזוי ווי די ליבע מאכט פארקעהרט פון שווארץ — ווייס.

אמת אין דעם ספר זענען דא שטעלען, וועלכע זענען ניט מוסכם מיט אונזערע פארשטעלונגען וועגען דער יודישער מדינה דערפון אבער וואס איינער זאגט אפען און ערליך ארויס זיין אמונה ווערד גאר ניט קאליע. דערצו איז דא א קריטיק, איין ערליכע און ערנסטע, וועלכע ווייזט אן, אז דא האט דער מחבר א פאלשע ידיעה אדער א שעדליכען דרך און דער מחבר האט די מעגליכקייט אויף זיינע אנזיכטען ליטעראריש צו בעשיצען, דעמאלט ווערד דאס פובליקום אויפגעקלערט. איך קאן די אנפאלער פונ'ם אלטניילאנד פארזיכערען (איך רוף זיי אנפאלער ווייל קיין קריטיק אויף אלטניילאנד האט נאך קיינער ניט געשריבען) אז אסך פון זייערע שרייבעריין האבען אויך ביי אייניצען ארויס גערופען פראטעסטען. אסך פון זייערע אידעאלען זענען אויך ביי אייניצען אויסגעקומען אפיקורסות, איין אומגליק פאר'ן פאלק. פאר וואס זשע קענען זיי צו אנדערע ניט באנוצען דעם איינגענעם ארשין, מיט וועלכען זיי ווילען אליין געמאסטען ווערען?

אמת אין אלטניילאנד זענען מאנכע זאכען פארשוויגען געווארען, וועלכע קאכען אונז דאס בלוט און מיר וואלטען געוואלט וויסען וואס מיינט דעריבער הערצל — נאר פון דעם וואס איינער זאגט נ י ט זיין מיינונג קאן מען דאך ניט ארויסדרונגען, אז ער האט גראדע די אדער יענע מיינונג און ווער סע טוט עס, בעווייזט דערמיט, אז ער זוכט זיך פשוט ווי מע זאגט, פון פוילע פערד פידקאוועס!

מיר פאליטישע ציוניסטען ווילען אונזער פאלק געבען א היים. מיר ווילען און גלויבען אין דער אויפלעבונג פון זיין גייסט און זיין שפראך צוזאמען מיט זיין פאליטישער פרייהייט, נאר מיר גלויבען אבער אויך, אז דאס פאלק ב כ ל ל איז ניט קיין שטיק טייג, וואס מע קנייט דערפון וואס מע וויל. אונזער פאלק איז א פלייסיגער תלמיד, ער לערנט אלעם וואס מע טראגט איהם אונטער: אחד־העם, הערצל, נארדוי, בריסקער רב, גורער רבי; אבער סוף כל סוף שלאגט ער זיך ארויס אויף זיין היסטארישען וועג. מיר ווינשען דעריבער, אז דאס ביכל אלטניילאנד זאל באקענט ווערען ביי אלע יודען. דאס געזונטע און ריכטיגע וואס דארט איז דא זאל עס אריין נעמען אין קאפ און דאס פאלשע און שוואכע זאל פארשטויסען ווערען דורך אנדערע גוטע ווערק, וואס אונזער ליטעראטור האט שוין געשאפען און וועט נאך באשאפען!

משה קליינמאן.

---

## צום זאמעלבוך „הילף“.

מיר האבען ערהאלטען פון אונזער מיטארבייטער ה' שלום־עליכם די איבערזעצונג פון גראף לעוו טאלסטאי'ס ווערק פאר'ן סבארניק „הילף“: „צוויי מעשיות: 1) „אסרחדון“ דער קעניג פון אשור“; 2) „דריי שאלות“, מיט פאלגענדען בריף:

„געעהרטער הער סאלאמאן נאאומאוויטש!

איך שיק אייך די צוגעזאגטע „צוויי מעשיות“ צום איבערזעצען זיי אויף זשארגאן און אבדרוקען זיי אין דער יודישע אויסגאבע, וואס

געהט ארויס לטובה פון די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב. איך וועל זיין זעהר צופרידען אויב די דאזיגע „צוויי מעשיות" וועלען וויפיל ס'ניט איז מיטהעלפען צו פארברייטען דאס בוך.

מיט גאנצליכע אכטונג פארטיג צו דינען

יאסנעפאליאנע 20 אווגוסט 1903.

לעוו טאלסטאי".

## אלערליי.

א שטומער אין אוניווערזיטעט. אין עמדען (דייטשלאנד) האט א געבוירענער שטומער, וואלטער קונצע, געענדיגט אלע קענטניסע, וואס עס איז נייטיג אריינצוקומען אין אוניווערזיטעט. דער דאזיגער שטומער האט גענומען פריוואט־שטונדען ביי דעם בעוואוסטען לעהרער פאר שטומע ה' דאנגער און קירצליך וועט דער שטומער האלטען אין לייפציג עקזאמען.

— ליקאנטראפיע אדער א נייער נבוכדנצר. אין אדעסא איז קראנק געווארען א 14 יעהריג קריסטליך יונגל אויף א משונה'דיגע קרענק. ער האט מיט אמאל אנגעהויבען צו אנטלויפען פון מענשען. אויף די שאלות, וואס זיין אומגליקליכער פאטער האט איהם געפרעגט, האט ער געענטפערט נישט מיט ווערטער. נאר מיט א מין ברומען ווי א בער. דער פאטער האט איהם געוואלט אוועקפיהרען צו א דאקטאר, נאר דאס יונגל האט זיך א ווארף געטאן אויף דער ערד און אויף אלע פיער אנגעהויבען לויפען, אלץ אויסמיידענדיג די מענשען און ארויסגעבענדיג משונה'דיגע ווילדע קולות אהן ווערטער און איז אזוי לאנג געלאפען ביז ער איז פארשוואונדען געווארען. ערשט שפעט אין דער נאכט האט איהם דער פאטער געפונען ליגענדיג אין א קליין צימערל, נעבען איהם איז געלעגען א בינטעל גראז, פון וועלכע ער האט ווי א בהמה געקייט. דער־וועהענדיג דעם פאטער האט דאס יונגל זיך געפריווט בעהאלטען און מיט א יעמערליך קול געברומט. מען האט געלאזט רופען א דאקטאר. דער דאקטאר האט געזאגט, אז דאס איז אזא מין קראנקהייט. דער קראנקער בילדעט זיך איין, אז ער איז א חיה אין וואלד, עס איז די אייגענע קראנקהייט, וואס ווערד דערציילט אין ספר דניאל פון נבוכדנצר מלך בבל. די קראנקהייט הייסט אין דער מעדעצין ליקאנטראפיע.

די צעפ ביי די חינעזער. א פראנצויזיש בלאט »L'echo de Chine« ברענגט די ידיעה, אז דער קייזער פון חינא האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז זיינע אונטערטאנען זאלען מעהר נישט טראגען קיין צעפ, ווי ביז היינט איז דארטען א הייליגער מנהג. שווער צו גלויבען, אז די חינעזער וועלען מרוצה ווערען זיך צו שיידען מיט אזא הייליגע זאך, נאר אויב דער קייזער פון חינא וועט דאס פועל'ן ביי זיין פאלק, וועט דאס הייסען א וויכטיגער שריט פארווערטס.

ירושלים אויף דער וועלט-אויסשטעלונג. אויף דער וועלט אויס־שטעלונג, וואס וועט זיין אין יאהר 1904 אין ס"ט לואיז אין אמעריקא, וועט מען פארשטעלען די שטאדט ירושלים ווי זי זעהט היינט אויס. בשעת מען האט געלעגט דעם ערשטען שטיין אויפצובויען די דאזיגע שטאדט פאר דער אויסשטעלונג האבען זיך פיעל מענשען אויף דעם פלאץ פארזאמעלט און א גייסטליכער האט דערביי א געבעט געהאלטען, אנ־דערע גייסטליכע, יודישע און קריסטליכע, האבען געהאלטען רעדעס. די גאנצע צערמאניע איז געמאכט געווארען פון מענשען, וועלכע זענען אין ירושלים געבארען און זענען בשעת דער צערמאניע אנגעטאן געווען אין זייערע ירושלים'דיגע קליידער רייטענדיג אויף קעמלען און מוילאייזלען. מען האט אויך געבראכט א גאנצע יודישע קאלאניע וואס וועלען נאכדעם, אז די געביידע וועט פארטיג ווערען פארשטעלען דאס אלטע יודישע פאטריארכען־לעבען אין דער אמאליגער ירושלים.




### I. אלגעמיינע נייעס.

— דער עסטרייכישע קייזער האט געשאנקען דער פרוי אננא פון לובאם, די געוועזענע פארשטעהערין פון ווינער פרויען־פעראיין, דאס גאלדענע קרייץ פאר די נוצען, וואס זי האט געבראכט דעם פאלק. און פריילין לואיזע גיעסטינג האט בעקומען די „עליזאבעט מע־ראילע" פאר איהרע פלייסיגע השגחה אין דער ווירטשאפט־שולע אין וויען.

— א גרופע פעטערסבורגער פרויען האבען דערלאנגט א בקשה צו דער רעגירונג, מען זאל זיי ערלויבען צו מאכען א קאנגרעס פון אלע רוסישע פרויען־פעראיינען. אויף דעם דאזיגען קאנגרעס וועט פאר־האנדעלט ווערען די פראגען: ווי זאל מען ערציהען קינדער, ווי זאל מען מלחמה האלטען געגען שכרות און—ווי זאל מען בעשיצען די פרויען וואס ארבייטען אין די פאבריקען און געשעפטען, אז מען זאל זיי נישט עקספלאטירען.

### II. יודישע נייעס.

אין ניו־יארק האט מען אויפגעשטעלט א גרעונקטאוועל אויף דער ריעזיגער פרייהייט־שטאטוע, וואס שטעהט אויף דעם האפען אין עליס־איילאנד, דער יודישען נאציאנאלע דיכטערין עמא לאזארוס, וועלכע איז געשטארבען אין ניו־יארק אין 1887 יאהר. אויף דעם טאוועל איז אויסגעקריצט איהר געדיכט, וואס זי האט פארפאסט אויף די יודי־שע עמיגראנטען פון די 80־גער יאהרען. אין דעם געדיכט גיעסט זי אויס איהר הארץ פול ליבע צו די יודישע עמיגראנטען און זייערע קינדער, וואס זי האט פאר זיי געזארגט ווי א געטריי מאמע זי האט זיי פארשאפט דירות, האט די קינדער געגעבען אין שולען אריין און האט פיעל געטאן פאר זייער ערציהונג, איהרע הויכע יודישע געפיהלען האט זי אויסגעדרוקט אין פיעלע געדיכטע, וואס האט געשריבען אויף ענגליש. זי האט פארשטאנען העברייאי'ש, זי האט איבערזעצט ר' יהודה הלוי'ס שירים און ר' שלמה בן גבירול'ס שירים אויף ענגליש, זי האט אויך היינריך היינעס דייטשע געדיכטע איבערזעצט.

— אין אדעסער יודישען שפיטאל ארבייטען אהן געצאהלט דריי יודישע דאקטוירים פרויען: מאדאם בארסקא, קעניגסבערג און קויפמאן. די משגיחים אויף דעם דאזיגען שפיטאל, וועלכע האבען איינגעזעהן, אז די פרויען ארבייטען זעהר ערנסט האבען זיך געווענדט מיט א בקשה צו דער רעגירונג, מען זאל די דאזיגע פרויען געבען די אייגענע זכיות, וואס עס בעקומען אלע וואס ארבייטען לטובה דעם כלל און דער רעגירונג.

— אם 14 סעפטעמבער איז אין לעמבערג געוועזען א יודישער קאנגרעס, וואס האט פארהאנדעלט די פראגע וועגען פרויען־האנדעל, אין דעם קאנגרעס האבען אויך גענומען איין אנטייל איינינגע רבנים.

## פרויען־מלוכה.

(ענדע).

א בעל הבית'טע אין שטוב איז די נשמה פון שטוב; פעהלט זי אין א שטוב געהט אלץ ווי א שיף אהן א רודער. און אויך צוליב דעם טאקי דארף די פרוי זארגען זי זאל שטענדיג געזונט זיין, כדי דער מאן זאל נישט דארפען, אויב דאס ווייב וועט חס ושלום קראנק ווערען, איבערגעבען די הויז־מלוכה אין פרעמדע הענט, וואס וועלען באין אופן עס נישט קאנען אזוי גוט פיהרען ווי זי אליין.

אײן אמת ריכטיגע בּעל הבּית'טע װעט זיך ניט אבזאגען פון קײן שטובּיגע ארבּײט. זי איז פון דער נאטור בּעשאפען געװארען מיט א טיפען בּליק, װאס דרינגט ארײן אין די מינדעסטע קלײניגקײטען פון דער װירטשאפט. אונ אז זי דארף אמאל, אז מען זאל איהר צו העלפען אדער אײן עצה געבּען, דארף זי זיך װענדען צום מאן, װעלכער האט איהר מיט זײן אײגענעם רצון איבּערגעגעבּען צו פיהרען די מלוכה אין הויז, װײל ער איז זיכער, אז זי פיהרט עס אויפ'ן בּעסטען אופן, אונ קלויבּט נחת קוקענדיג אויף די ארדענונג, װאס הערשט אין שטוב אונ זײן פּנים גלאנצט פאר צופרידענהײט, װאס גאט האט איהם צו געשיקט אזא גוטע העלפערין.

מיר זעהען אפילו בּײ עופות, זארגען פאר יעדען נעסט צװײ פּערזאנען, דער ער מיט די זי. דער ער, װעלכער איז בּטבע שטארקער אונ מוטיגער, פארנעמט זיך געװאהנליך מיט געבּען פּרנסה די פאמיליע, פליהט אויף די פעלדער אונ בּרענגט קערנער אונ איז מפרנס די מוטער מיט די קלײנע פײגעלעך, דערפאר אבּער ליגט אויף די מוטער א חוב צו ערציהען איהרע עופות'לעך אין זײער געבּארענעם נעסט, אונ אמאל, אז מען דארף זײ צו בּעשיצען װען דער פאטער איז גראד נישטא.

אט אזוי מוז די השגחה אויף דער פאמיליע זײן איבּערגעגעבּען בּײ צװײען אין די הענד — בּײם פאטער אונ די מוטער. דער פאטער װאס איז בּטבע שטארקער אונ מוטיגער, מוז זיך פארנעמען מיט שװערערע ארבּײט, ער מוז הארװען מיט שװײס אויף פּרנסה, מוז מלחמה האלטען מיט דעם שונא, װאס דערצו בּרויך מען האבּען סײ פיזישע סײ גײסטיגע קראפט. די מוטער אבּער, װאס איז בּטבע שװאכער אונ אײדלער, מוז זיך פארנעמען מיט אזוינע ארבּײט, װאס חאטש זײ זענען זעהר װיכטיג, בּרויך מען דערצו קײן איבּריג פיעל כּח ניט האבּען.

איך װיל דא אין מײן ארטיקעל דערװײזען די יונגע פרויען, װאס האבּען זיך אונטערגענומען, דערמיט װאס זײ האבּען חתונה געהאט, צו פיהרען א װירטשאפט פאר זיך, די פרויען, װאס װילען אװעקלאזען די מאמעס פארטוך אונ װערען אלײן מאמעס, אלײן בּעל־הבּית'טעס, װי אזוי זײ זאלען זײער װירטשאפט אײנארדענען. איך בּין שוין, בּרוך השם, א בּעל־הבּית'טע שענע עטליכע יאהר, אונ די פּראקטיק װאס איך האבּ אין די עטליכע יאהר בּעקומען, װיל איך אײך דא איבּערגעבּען, איך װיל אײך, יונגע פרויען, אײן עצה געבּען װי אײנצופיהרען א הויז, װאס זאל שטימען מיט דער מאדע אונ דערבּײ אויך זײן בּעקװעם אונ אלע װאס קומען נאר ארײן צו אײך אין שטוב, סײ גוטע בּעקאנטע, סײ די אײגענע פאמיליע, זאלען זיך פיהלען צופריעדען אונ דער עיקר, אז אלץ אין שטוב זאל זײן אזוי אײנגעפיהרט, אז עס זאל שטימען מיט אלע פאקטען, װעלכע זענען נײטיג צו די קערפּערליכע אונ גײסטיגע ערציעהונג פון אײערע קינדער אונ אזוי װי הײנטיגע יאהרען קאן מען נישט לאזען די קינדער, װאס זענען אונז אזוי נאהנט צום הארץ, פון די אויגען, אונ זיך מיט זײ גאר נישט אינטערעסירען, מען מוז א סך פון זײערע קינדערשע אינטערעסען בּעטראכטען אזוי װי די אײגענע אינטערעסען, דעריבּער װילען מיר זיך נעמען די מיה אנצוװײזען די יונגע בּעלי־הבּית'טעס װי זײ זאלען זיך פיהרען אין אלע זײערע בּענעמונגען אין דער געזעלשאפט. הײנטיגע יאהרען קאן א פרוי נישט זיצען מעהר פארקליבּען אין איהרע פיער װינקעלעך אונ זיך פאר קײנעם נישט װײזען, מען קאן שוין נישט פארבּרענגען די גאנצע צײט מיט שטריקען א זאק אדער פארריכטען א העמד. דאס געזעלשאפטליכע לעבּען איז הײנט שטארק ענטװיקעלט, מענשען קומען זעהר אפט אײנער מיט דעם אנדערען אין פארבּינדונג, מען קומט אײנער צום צװײטען אין געסט, מען קוקט זיך צו, װי עס פיהרט זיך בּײ יענעם אין הויז, אונ זעהר אפט געפינט דער מאן, אז די װירטשאפט בּײ איהם אין הויז איז נישט אזוי גוט אײנגעארדענט װי בּײ זײן גוטען פרײנד, װאו ער פארבּרענגט אפט, דער מאן הײבּט אן מחמת דעם צו קוקען אויף זײן פרוי מיט אײן אנדער אויג, הײבּט אן װערען אונצופרידען, זוכט שטענדיג חסרונות אונ אפט קומט דערפון ארויס א שלעכט לעבּען צװישען מאן אונ פרוי. דאס דארף די פרוי זעהן צו פארהיטען בּאלד אין דער התחלה.

די פרוי דארף זיך בּעמיהען, דעם מאן זאל די שטוב זײן ליבּ אונ אנגענעהם, עס זאל איהם זיך נישט װעלען געהן אין פרעמדע הײזער אונ דאס קאן די פרוי דערגרײכען נאר דערמיט, װאס זי װעט זארגען, אז די װירטשאפט זאל זײן אין בּעסטען ארדנונג. אונ צו דער װירטשאפט געהערט אלץ, פון דעם עסען, די מעבּעל, בּיז דעם בּעזים אונ א סמאטע צו דער פאדלאגע.

קײן מאן פארלאנגט נישט פון דער פרוי זי זאל טון אלײן אלע שװערע ארבּײט, אויב זײנע פארדיענסטען ערלויבּען איהם נאר צו האלטען בּעדיענטע. אבּער צו א דיענסט, מעג זי זײן די גרעסטע בּריה, מעג זי זײן מי יודע װי איבּערגעגעבּען צום שטוב, דארף מען ערשט רעכט האבּען א בּעל־הבּית'טע. אונ דער עיקר דארף זארגען די פרוי, אז עס זאל צװישען איהר אונ דער דיענסט נישט ארויסקומען קײן מחלוקות. װען מען בּעהאנדעלט א דיענסט גוט, איז זי טרײ אונ איבּערגעגעבּען די שטוב. עס האט שוין נישט אײנמאל געטראפען, אז די גרעסטע מחלוקות צװישען מאן אונ פרוי קומען ארויס צוליבּ די דיענסטען. די פרוי קומט שטענדיג פארמסר'ען פאר דעם מאן אויף די דיענסט, דער מאן קאן נישט אזוי פיהלען די עװלה, װאס די דיענסט טוט פונקט װי די פרוי אונ דעריבּער װערד ער נישט אזוי שטארק אין כּעס אויף דער דיענסט, אונ בּײזערט זיך נישט אזוי אן מיט אזא נגון װי די פרוי װיל. די פרוי מײנט, אז דעם מאן ארט גאר נישט װעגען איהר אונ װערד אונצופרידען מיט דעם מאנס בּעהאנדלונג. דאס איז אײנער פון די הויפּט־פעהלער, װאס א סך פרויען טוען. יעדע פרוי דארף זיך בּעמיהען, אז די דיענסט זאל פון איהר צופרידען זײן, נישט אז די דיענסט זאל פאר איהר מורא האבּען, נאר דרך ארץ האבּען אונ דענסטמאל װעט זי זײן אײן אמת'ע קײזערין אין איהר הויז אונ װעט װירקליך גליקליך פיהרען איהר פרויען־מלוכה.

מלכּה גאלדמאן.

רעדאקטאר: מ. ספּעקטאר.
פערלאג „פאלקסבּילדונג“.

Herausgeber Verlag Volksbildung. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher. Krakau. Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b. Krakau.

## אויף דעם זאמעל־בוך „הילף"

וואס די גאנצע הכנסה געהט פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

**(פרייז 1 רובל מיט פארטא)**

**אדעסא:** ב. טאבאק, מ. סגל, רימערמאן. — **אקטיובינסק:** י. י. כהן. **אקערמאן:** ד. גווירצמאן, ב. הארין. — **באברינעץ:** אגדת הציונים, Обще-ство пособія бѣднымъ евреямъ. — **וואב־ראשקאוו:** ש. קעלפנער. **חארקאוו:** ל. ס. סגל, ברוך רובינשטיין. — **טארזשאק:** י. ק. בעקריצקי (2 עקז.). — **טיפלים:** ל. א. פאליאק (פיר שפירא). — **טשיטא:** א. י. איסאיעוו. — **טשערקאסי:** מ. יאמפאלסקי. — **לאדז:** ג. לייזעראוויטש. — **מאליאטי:** ל. העלפער. — **סאראקי:** א. ליעסניק. — **סופיאקא** (מערב-אויסטראליא): ל. גאלדבלאט. — **סמאלענסק:** ש. פריידלין. — **סקידעל:** א. מ. יעדוואב. — **פראססוראוו:** ג. וויינשטאק. — **קניאזשיצי:** י. שולמאן. — **קראסנא־קאמינקא:** פייגע גראנאווסקי, שלום טאבאטשניקאוו. — **ראגאטשעוו:** נ. קיסעלהאף. — **שצוטשין:** ח. מ. גאלפער, א. וואראנאווסקי, ד. חאזאנאווסקי, א. מאכאניק, י. סקליארסקי, ליב שקלאראווסקי.

ס"ה: 33 עקז.

## נדבות

(דורך די אדמיניסטראציאן יודישע פאלקס-צייטונג אין קראקוי).

**פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב:**

ש. לונאנסקי (שצוטשין) 50 ק'. — יהודית ליבאשיצקי (ווארשא) 50 ק'. דורך א. פרזעמיו אווער (ווארשא): יצחק יוסף פרענקל, מ"י דיסטעל, א. פרזעמיראווער, נתן דוד פרענקל, א"ד גורדא, מענדל קירשבערג צו 50 ק'; משה אברהם לעווין, אהרן יצחק דיסטעל, יצחק מאיר גאלדבלאט צו 30 ק' — ס"ה 3 90 רובל.

**פאר דעם נאציאנאל־פאנד:**

אויף דעם ברית מילה ביי שמואל דוב קאנטארזשי אין רעזינא איז צוזאמענגעקליבען געווארען פון: שמואל דוב קאנטארזשי 1 ר'; שלום סערע-בריסקי 20 ק'; ס. מינסבערג 15 ק'; א. יארקאוויטש, שמואל יאסקי, יצחק בעזנאס, גדליהו ווייזדראר, שלמה זשאבקי, משה ביים, יעקב נאדעלמאן, מרדכי שווארצמאן, משה קאנטארזשי, חיים פאליסאק, אבא בעכערמאן, אשר יאקעלוס צו 10 ק'; יעקב אקסענטאן, אחיעזר שמש, משה בארטינקער, יצחק קלוגמאן, דוד טשאבראווסקי, שלמה שפירא, ישראל אהרן קירא — צו 5 ק'. ס"ה 2 90 ר' אב פארטא — 2 70 ר'. דורך די ווארשעווער ארבייטער-ציוניסטען 2.50 ר'.

---

עם דרוקט זיך

# דער זאמעל־בוך „הילף"

די גאנצע הכנסה פון זאמעלבוך וועט געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

פרייז 1 רובל מיט פארטא.

רעדאקציע „יודישע פאלקסצייטונג".

---

# קרית־ספר

**א מאנאטליכער ביבליאגראפישער זשורנאל פיר העברייאיש, זשארגאן און יודאיקא, רוסיש און פאלניש.**

פרייז יעהרליך 1.50 רובל; ½ יעהרליך 85 קאפ.; ¼ יעהרליך 50 קאפ.

ביז היינטע ערשיענען 3 העפטען.

פראספעקטען נאך פערלאנג אומזאנסט.

(253) אדרעסע פון הערויסגעבער: 1—3

Книж. магазинъ Б. Шейнфинкеля Варшава, Золотая 63.
Buchhandlung B Scheinfinkel, Warschau, Zlota 63.

---



---

**פאבריק פון אייזערנע קאסטעקעס** (קליינע קאסעלעך)

**A. LAMPRECHT**

**CZERNIAKOWSKA 98, W WARSZAWIE**

עמפפעהלט אויטאמאטישע שפאר-קאסעס שטארק און שען געארבייט. אנגרא פערקויף אין דער פאבריק

240 איינצעל פערקויף אין ווארשא ביי: 8—7

**K. BRUN, PLAC TEATRALNY.**

---

פערלאג „פאלקסבילדונג".

# ציוניסטישע ביבליאטהעק.

**ב.**

## די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.

פרייז 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.

**ג.**

# דער זעקסטער ציוניסטען קאנגרעס

פרייז 8 קאפ. מיט פארטא 10 ק.

ציוניסטישע אגודות און מויס בעקומען ראבאט.

Издат. „Тушія", Варшава. — Verlag „Tuschijah", Warschau.

---

**הוצאת „תושיה".**

ספר חדש

# ארץ ישראל.

ספר למוד הגיאוגרפיה של ארץ ישראל עם מפה בעלת צבעים בעברית.

מאת **יהודה גרזובסקי.**

וזה תכנו:

דברים אחדים.

פרק א: מקום ארץ ישראל, שמותיה, גבולותיה, גדלה וחלוקתה.

פרק ב: ההרים, העמקים והמדברות.

פרק ג: הימים, הנחלים והימים.

פרק ד: שלטון הארץ, יושביה, ערים הגדולות ומושבות היהודים.

פרק ה: תוצאות הארץ, האקלים, תכונת הארץ ואחדים מחקי הארץ.

(252) מחירו 25 ק', פארטא 2 ק'. 1—5

Издат. „Тушія" Варшава. — Verlag „Tuschija" Warschau

בע"פ: נובוליפקי 7 מעון 9.

---

כל נקודה ונגינה

גדל התניך כגדל המודעה הזאת,

# הראיתם

## את התנ"ך הנפלא

המכונה

# טאשען-תנ"ך

הוצאת מ. שולץ?

לא תחסר בתנ"ך הזה.

ההדפסה היפה, הכריכה המהודרת, הפורמט הנפלא והמחיר המצער עושים את התנ"ך הנפלא הזה לספר הכרחי ושוה לכל נפש.

על התערוכה של מלאכת־מחשבת (קונסטאויסשטעללונג) בפילדלפיה זכתה ההוצאה הזאת להפרס היותר גדול.

מחירו: מכורך בד יפה 75 ק'. מכורך יפה עם גאלדשניטט 1.25 ר'. מכורך עור טהור 1.75 ר'. פאר' 15 ק', בנ"נ 25 ק'.

כמו כן נמצא להמכר

**התנ"ך מעדאליאן**

במחיר רובל אחד לשולחים כסף מראש או בנ"נ בעד 1.17 רובל.

המכירה נמסרה רק להוצאה „תושיה" בורשה:

בבית מסחר הספרים
## י. ראזומאווסקי בברדיטשוב
ובהמחלקה שלו בווארשא, נאלעווקי 34
אצל א. צייללענגאלד נמכרים כל מיני
(217) ספרים במקחים נמוכים. 50 16

## היימישע מיטטאגען!
צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-
שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי
### אהרן משכיל-לאיתן
ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7,
50-25 אין טהויער, 2 שטאק. (192)

## בית־מסחר ספרים
## ב. צ. שיינפינקעל.
ווארשא זלאָטע 63
מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים
50 18 בתנאים נאותים למאד. (210)

## נור מיט עטליכע רובל
קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט
אנגוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפ־ליכע
ערקלערונג חנם לכל דורש.
Я Найдичъ, Варшава.

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями может каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.
Адресъ: Я. Найдичъ, Варшава.

בבית־מסחר־ספרים של
**ז. ש. שרעבערק**, ווילנא, סטעפענג.
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Среберка,
225 Вильна. 50—13

## !!!חדשה חשובה
### ידות־העט עם לוח־השנה.
שש בקופסא אחת במחיר 1 רובל
וששׁ עשרה בקופסא „ 2 „
יש להשיג אצל הממציא עפ"י הכתבת:
Г. ЮФФЕ, Варшава, Павья 12.

Оптическо-Хирурги-
ческой складъ
И. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава
רוכבענדער עלעקטרא - גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- אונ בייכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס אונ הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע אונ שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע אונ חירורגישע ארטיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק
**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**
אליך ווערד צו געפאסט דורך ספעציאליסטען
234 25 10

## אהוב את המלאכה!
אללע סארטען שפיגעל מאכען
לערנט אוים גרינטליך, אויך
דורך בריעפע
דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא
שפיגעלפאבריקאציאן
Адресъ: Юдку Вейнблату
Варшава, Слизкая 22
(105) 25—22

## ראזיערען אהנע מעססער !!!
מיינע אנטיסעפטישע ראזיר-פודער איז דאס בעסטע דער וועלט פיר העררען אויף פיר דאמען. אין איין פאאר מינוטען קאנן יעדער מענש זיך זעלבסט אהנע מעססער ראזיערען, דיא האארע פאלען אוים אונד די הויט ווירד זויבער אונ ווייס. מיין פודער איז ווייס, שמעקט וויא פארפום-זייפע, אונד איז פאן דעם בעלגישען שטאאטס-לאבאראטאריום אונד גראסען ארצטען אלס אונשאדליך גאראנטירט.
איינע שאכטעל פראנקא קאסטעט 2.50 פראנק, 2.40 קראנען, 2 מארק, 2 שיללינג, 1 רובל. 3 שאכטעל 2 רובל 12 שאכטעלן 5 רובל. 24 שאכטעלן 8 רוב. געלד מוז מאן פאראוים איינשיקען פער נאכנאהמע, ווירד נישט געשיקט
**J. B. Sakolsky, Wolf-Str. Nr. 2**
**Antwerpen (Belgien).**

דיא ערשטע אונ איינציגע
## מעכאנישע פאבריק צו רעפארירען שוהוועדק.
**А. Гринштейнъ, Варшава, Новолипки № 58.**
נעמט אן צו רעפארירען אלערליי שוה-ווערק, עס מאכט קיין אונטערשיעד נישט פון וואס פאר א גאטונג לעדער עס איז. דיא לאטעס ווערדען **געקלעפט מעכאניש**, גאר אהן נעהטע אונ **די רעפארירטע שוהע קומען ארוים ווי פון דער ניי**, נישט צו דערקענען אויף זיי דעם מינדעסטען צייכען פון רעפארירען.
פראווינציער, וואס ווילען זיך עפענען אזא פאבריקעל, קען איך מיט זיי איינגעהן לויט בעשטימטע בעדינגונגען, ווי איך וועל ענטפערן יעדען, וואס וועט ארייגשיקען א פאסט-מארקע פאר 7 קאפ.
דיא פאבריק איז יעצט איבערגעגאנגען אין מיין אייגענטהום אונ ווער עס וויל דארף זיך ווענדען נאר צו מיר
А. Гринштейну, Варшава, Новолипки № 58.
פיליאלען: I פראנציסקאנסקא 35 אין טויער. II טווארדא 22 וואהנונג 42 אין צווייטען הויף.
229 25—13
רעפאראציאן ווערט פערפערטיגט ווארטענדיג.

## לעזט אונ הערט דעם אמת!!
אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אוים קיין שום ברוך. דאס גוטינקיים פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דריקען דעם קערפער.
זאלכע פערפערטיגט אין אייגענער פאבריק וועלכע איז בעהרט געווארען מיט מעדאילע פון דער דאקטארסקע אויסשטעלונג
**Д. Мошковскій, Варшава**
Налевки № 37
(135) 50—29

„**אראגא־גורסקי**. ווארשא, לעשנא № 4
דאס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטען **נאגניאטקעס** (היגער-אויגען) בראדאווקעס אונ פערהארטעטע הויט צור פרייז 30 קאפ' אונ 60 קאפ'. פארדערן איבעראל.
(129) 25—25

## די אלעמען בעוואוסטע אלער בעסטע:
I **מאשינען** צום פערפערטיגען אלערליי פרוכטען, יאגדעס, סעלעטרס, סאדע וואסער אונ אנדערע מינעראל-וואסער, לימאנאד, פערשיעדענע קוואסען, פראנצויזישע זידענדע געטרענקע אונ וויין; סידר, שאמפאניער, חעריס, שערי אונ אנדערע, צוגלייך אויך די בעשרייבונג אונ כלים דערצו, מיט וועלכע עס צו פערפערטיגען.
II **סיפאנען** שען אונ שטארק לויט די פראנצויזישע סיסטעמע
III **דאמפף אפאראטען** צום **דעסטעלירען** אונ **איבער-טרייבען.**
VI **פאלשטענדיגע איינארדענונג צו אנשטאלטען** אויף מאכען אלערליי סארטען וואסערן **שטעלט צו** די פאבריק פון מאשינען אונ דער פאבריטשנע סקלאד פון קארקעס די בעסטע עסענצען, עפירען אונ סאקעע א. ד. ג. אונ אויך אלע אנדערע זאכען, וואס עס געהערן אונ זענען נייטיג צו אלע פער-פערטיגונג פון מינעראל-וואסער אונ לימאנאד.
244 5—3
**ИППО и Ко. въ Варшавѣ, Грибная ул. собств. домъ № 15н.**

## ווינש־קארטען (לשנה־טובה)
### עם ציורים מציון !
פראכטפאללע ארבייט! 20 סארטען ווינש-קארטען (פאסט-קארטען) מיט פערשידענע שענע בילדער מארץ הקדושה. פרייז פאר א קאלעקציאן פון 20 שטיק מיט פרטא 50 קאפ. סוחרים אונ ציוניסטישע פעראיינען בעקומען גרויסען ראבאט.
אויך געפינט זיך א פרעכטיגער אונגעהייער גרויסער אויסוואהל פערשידענע שענע סארטען אויסלאנדישע ווינש-קארטען, אנטיקען אונגעהייער ביליג! פאר 5 רובל בעקומט מען א פאלשטענדיגע קאלעקציאן ווינש-קארטען (ווייניגער פון 2 רובל ווינש-קארטען ווערט מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט, ביז 1 רובל קען מען שיקען מיט פאסט-מארקען) אלע בעשטעלונגען ווערען ערפילט „שנעל אונ פונקטליך גוט אונ ביליג".
## קארטא פאלעסטינא.
דיזע קארטע ענטהאלט: אללע שטעדט, שטעדלעך, טייכען, טייכלעך, אלע אלטע אונ נייע קאלאניעס, צייגט אן: די גרענעצען פון די שבטים, וויפיעל מענשען יעדע קאלאניע האט אונ וויפיעל ערד יעדע קאלאניע בעזיצט א. ד. ג. דיזע קארטע איז פראכטפאל שען געדרוקט אין 8 שענע פארבען, פרייז 40 קאפ. סוחרים אונ ציוניסטישע-פעראיינע בעקומען גרויסען ראבאט, (ווייניגער פון 5 קארטעס ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט).
233 אדרעססע: 12 12
Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.

**Paryzkie nowe modele**
rekomenduje znany magazyn
**Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów**
**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m. 4.
Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki
w 24 godzin.
(148) 25—17

